# דאָס אייראָפּעישע יידנטום
# צען יאָר נאָך דער מלחמה

אַ שילדערונג פון די אַנטוויקלונגען און דעם איצטיקן סטאַטוס
פון די פאַרשניטענע יידישע ישובים אין אייראָפּע

טייל III ־ ב

ה י נ ט ע ר  ד ע ם  א ײ ז ע ר נ ע ם
פ אָ ר ה א נ ג :
א ו נ ג א ר ן ,  ר ו מ ע נ י ע ,  ב ו ל ג א ר י ע

ISBN:0-657-11971-7


נ י ו  י אָ ר ק
אינסטיטוט פאַר יידישע ענינים
ביים יידישן וועלט־קאָנגרעס
1956

# א י נ ה א ל ט



* * *
*

די מיינונגען, וואָס ווערן ארויסגעבראכט אין די שטודיעס פונעם אינסטיטוט פאר ייִדישע ענינים, דריקן נישט דוקא אוים די שטעלונג פון דעם ייִדישן וועלט-קאָנגרעס.

* * *
*

# פאָרוואָרט

מיט דער דאָזיקער בראָשור, טײל III - ב, שליסט זיך די ייִדישע אויסגאַבע פון דער פובליקאַציע, וואָס דער אינסטיטוט פאַר ייִדישע ענינים בײַם ייִדישן וועלט-קאָנגרעס האָט פאַרעפנטלעכט אין ענגליש א"נ - דאָס אײראָפּעישע ייִדנטום צען יאָר נאָך דער מלחמה.

אין דעם פאָרגעבראַכטן העפט גײען אַרײַן אַרטיקלען וועגן די פאָלגנדיקע לענדער הינטער דעם אײַזערנעם פאָרהאַנג: אונגאַרן, רומעניע און בולגאַריע. דזשוליוס פישער האָט אָנגעשריבן די אָפּהאַנדלונגען וועגן אונגאַרן און רומעניע; און אָסקאַר קאַרבאַך - וועגן בולגאַריע. די דאָזיקע אַרטיקלען זײַנען איבערזעצט געוואָרן אויף ייִדיש פון בתיה פּופּקאָ.

מער פּרטים וועגן דעם כאַראַקטער פון דער אינסטיטוט-פובליקאַציע „דאָס אײראָפּעישע ייִדנטום" און די מסקנות צו וועלכע מען קאָן קומען, אַנאַליזירנדיק דעם אינהאַלט פון די באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען, זײַנען געבראַכט געוואָרן אין דער אויספירלעכער הקדמה, פון ד"ר נחמיה ראָבינזאָן, וואָס איז אַרײַן אין דעם ערשטן טײל פון דער ייִדישער אויסגאַבע.

ניו-יאָרק, 1956

# א ו נ ג א ר ן

א. <u>הקדמה</u>

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן קרוב צו איין מיליאָן ייִדן געלעבט צווישן אַן ערך 20 מיליאָן איינוואוינערס אין אונגאַרן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אונגאַרן צעגלידערט געוואָרן. מיטן צונעמען פון איר די פּראָווינצן סלאָוואַקיי, טראַנסילוואַניע, קראָאַטיע, און סלאָוואָניע, איז איר טעריטאָריע רעדוצירט געוואָרן צו איין פערט־חלק פון איר געוועזענעם שטח. אין דער אַרומגעשניטענער אונגאַרישער מלוכה האָבן זיך געפונען 473,310 ייִדן צווישן אַ באַפעלקערונג פון 7,980,143 איינוואוינערס, לויטן צענזוס פון 1920.

אין דער היטלער־עפּאָכע האָט אונגאַרן צוריק באַקומען אַ טייל פון אירע פאַרלאָרענע טעריטאָריעס. דעם 2טן נאָוועמבער 1938, האָט די דייטש־איטאַליענישע אַרביטראַציע אומגעקערט צו אונגאַרן טיילן פון סלאָוואַקיי; און מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט אַן ענלעכע אַרביטראַציע איר צוריקגעגעבן איבער־טראַנסילוואַניע. די צאָל ייִדן אין דער דאָזיקער פאַרגרעסערטער אונגאַרישער מדינה האָט באַטראָפן 725,007 נפשות, לויטן צענזוס פון 1941 (נישט אַריינגערעכנט אַרום 100,000 קריסטן פון ייִדישן אָפּשטאַם).

נאָכן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אונגאַרן ווידער פאַרלאָרן די דאָזיקע טעריטאָריעלע געווינסן, און זי איז רעדוצירט געוואָרן צו איר שטח פון 1918.

די ווייטערדיקע טאַבעלע וועט אילוסטרירן די ענדערונגען וואָס שייך דער ייִדישער באַפעלקערונג:

| שטח | ייִדישע באַפעלקערונג<br><u>יאָר</u> | <u>צאָל</u> |
|---|---|---|
| היסטאָרישע אונגאַרן (פאַר 1918) . . . . . | 1918 . . . | 938,458 |
| רעדוצירטע אונגאַרן (1918־1939). . . . . | 1920 . . . | 473,340 |
| אויסגעברייטערטע אונגאַרן (1939־1945) . . | 1941 . . . | 725,007 |
| נאָכמלחמהדיקע אונגאַרן (1945 ־). . . . . | 1946 . . . | 143,000 |

אָנהייבנדיק פון 1938 זיינען אין אונגאַרן איינגעפירט געוואָרן אַנטי־ייִדישע מאָסמיטלען פון אַן עקאָנאָמישן כאַראַקטער, און דעפּאָרטאַציעס קיין פּוילן האָבן זיך אָנגעפאַנגען אין 1941. די ערשטע קרבנות זיינען געווען די אויסלענדישע ייִדן: 18,500 אַזעלכע ייִדן זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין פּוילן. אין אָקטאָבער 1942 האָט מען איינגעפירט צוואַנגס־אַרבעט פאַר ייִדן, און אין פאַרלויף פון צוויי יאָר זיינען קרוב צו 60,000 אונגאַרישע ייִדן געשיקט געוואָרן אויף שקלאַפן־אַרבעט הינטער די שלאַכט־ליניעס פון די אַרמייען; בלויז אַ הייפל פון זיי איז צוריק געקומען. נאָך ערגער איז געווען די מערכה פון די ייִדן אין די אַנעקסירטע טעריטאָריעס: קורץ נאָך דער אַנעקסירונג זיינען זיי דעפּאָרטירט און פאַרטיליקט געוואָרן. ווען דייטשלאַנד האָט אָקופּירט אונגאַרן, דעם 21סטן מערץ 1944, האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף די ייִדן האַרבע אַנטי־ייִדישע גזרות. אַרום מיטן אויגוסט פון זעלבן יאָר זיינען די ייִדן פון די פּראָווינצן פאַרשפּאַרט געוואָרן אין געטאָס; אין בודאַפּעשט האָט מען די ייִדן צונויפגעפּאַקט אין די אַזוי־גערופענע „געלע הייזער". אין פרילינג זיינען 400,000 ייִדן אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אויש־שוויץ, מאַטהאַוזען און אַנדערע פאַרניכטונגס־לאַגערן. מען האָט אָפּגעשטעלט

די דעפּאָרטאַציעס דעם 5טן יולי 1944, אָבער ווען דער רעגענט פון אונגאַרן האָט דעם 15טן אָקטאָבער 1944 געמאָלדן וועגן זײַן אַרויסטריט פון דער „אַקס", איז ער געצוואונגען געוואָרן צו רעזיגנירן, און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ טעראָר־קאַמפּאַניע קעגן ייִדן: מען האָט זיי געשאָסן אין די גאַסן, אין די „געלע" הײַזער; מען האָט זיי דערשאָסן אויפן אָרט, אָדער אַרײַנגעוואָרפן אין טײַך. אין נאָוועמבער זײַנען געטריבן געוואָרן צופוס פון בודאַפּעשט קיין עסטרײַך אַרום 100,000 ייִדן, פון וועלכע 25,000 זײַנען אומגעקומען אויפן וועג. אין בודאַפּעשט איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן אַ געטאָ פאַר 50,000 ייִדן. די געבליבענע ייִדן זײַנען געראַטעוועט געוואָרן דורך דער רוסישער אָקופּאַציע פון אונגאַרן. דעם 20סטן יאַנואַר 1945 האָט זיך געשאַפן אַ פּראָוויזאָרישע רעגירונג, און דעם 6טן אַפּריל איז דאָס גאַנצע לאַנד באַפרײַט געוואָרן.

די נאָכמלחמהדיקע געשיכטע פון דעם אונגאַרישן ייִדישן ישוב קען אײַנגעטײלט ווערן אין דרײַ פּעריאָדן. דער ערשטער האָט געדויערט פון 1945 ביז 1948, ווען מען האָט נאָך אַלץ געהאָפט אַז אינעם לאַנד וועט זיך אײַנהאַלטן אַ דעמאָקראַטישע סיסטעם. דער צווייטער פּעריאָד נעמט אַרום די יאָרן פון 1948 ביז סטאַלינס טויט (מערץ, 1953) ווען ס'איז דורכגעפירט געוואָרן די „קאָמוניזירונג" פונעם לאַנד. דער דאָזיקער פּראָצעס האָט דערגרייכט זײַן שפּיץ־פּונקט אין דער מאַסן־עוואַקואַציע פון די בורזשואַזע עלעמענטן פון די שטעט און אין פאַרנעמען זיך אויף אַן אַנטיסעמיטישן קורס. דער דריטער פּעריאָד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט סטאַלינס טויט אין 1953, טײלט זיך אויס מיטן אָפּלאָזן די אַנטי־ייִדישע פּאָליטיק און מיט שנעלע ענדערונגען אין די עקאָנאָמישע טענדענצן.

## ב. פּעריאָד פון רעקאָנסטרוקציע (1945־1948)

### 1. די דעמאָגראַפישע סיטואַציע

צום סוף פון דער מלחמה זײַנען פּראַקטיש נישט געבליבן קיין ייִדן אין די שטעטלעך און שטעט אויף דער פּראָווינץ. ווי שוין געזאָגט, זײַנען זיי דעפּאָרטירט געוואָרן דורך די אונגאַרישע פאַשיסטן קיין אוישוויץ אָדער אַנדערע טויט־לאַגערן. אין בודאַפּעשט האָט מען געפונען אַ וואָסערע 60,000 ייִדן אין געטאָ, און 20,000־25,000 נפשות אין פּאַרטײַדענע „באַשיצטע הײַזער" (שוועדישע, שווייצאַרישע, א"אַנד), אין נייטראַלע לעגאַציעס און אין באַהעלטענישן. אין די פּראָווינצן האָבן זיך געראַטעוועט אַרום 25,000 נפשות.

אַ וואָסערע 40,000 אונגאַרישע ייִדן האָבן איבערגעלעבט די אַרבעטס־באַטאַליאָנען און די דײַטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. קורץ נאָך דעם „ווי־אײ־דעי" (שלום פונעם קריג אין אייראָפּע) האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג צוריק קיין אונגאַרן. עס האָט געדויערט חדשים, ביז וואַנען אַלע וואָס האָבן געהאַט דעם פאַרלאַנג זײַנען געבראַכט געוואָרן אַהיים. דער מצב, וועלכן זיי האָבן דאָרט געפונען, איז געווען אַ שוידערלעכער. אין אַ סך ערטער איז געבליבן בײַם לעבן בלויז אײנער פון צען. אין די פּראָווינציעלע שטעט און שטעטלעך זײַנען קרוב צו 60% פון די משפחות צעבראָכן געוואָרן: דאָ האָט געפעלט דער מאַן, דאָ די פרוי, און זיי זײַנען שוין צוריק נישט געקומען. קינדער האָט מען כמעט ווי נישט געטראָפן: פון די 72,000 ייִדישע קינדער וואָס האָבן געלעבט אין די גרענעצן פון הײַנטיקער אונגאַרישער מלוכה, זײַנען 56,000 אומגעבראַכט געוואָרן. אין דער „אויסגעברייטערטער אונגאַרן" האָט מען אויסגעמאָרדעט 139,000 קינדער. די כוללדיקע צאָל לעבן געבליבענע ייִדן אין „אויסגעברייטערטער אונגאַרן" האָט באַטראָפן 260,000 נפשות. אויפן איצטיקן שטח פון אונגאַרן האָבן פאַר דער צווייטער

וועלט־מלחמה געוואוינט עטוואס איבער 400,000 גלויבנס־ײדן, פון וועלכע עס
האָבן זיך געראַטעוועט ארום 150,000 נפשות. אין 1945 האָט מען די צאָל
ײדן אין אונגארן געשאַצט אויף אן ערך 190,000 נפשות (משמדות אר״נגע־
רעכנט די „קאָנפעסיאָנסלאָזע" ײדן), ווי ס'איז אָנגעגעבן געוואָרן אינעם
סטאַטיסטישן באריכט, וואָס דער צוו״ג פון ײדישן וועלט־קאָנגרעס אין בודא־
פעשט האָט פארעפנטלעכט אין 1946; אָבער דער צענזוס פון 1946 האָט באוויזן
בלויז א סך־הכל פון 143,624 דעקלאַסירטע ײדן.

אלס רעזולטאַט פון דער אויסראָטונג איז די עלטער־סטרוקטור פו־
נעם אונגארישן ײדנטום געוואָרן אויסערגעוו״נלעך אומגינסטיק: אין 1950
ז״נען העכער 25% פון אלע ײדן אין בודאַפעשט געווען איבער 60 יאָר אלט,
און דער דורכשניט־עלטער האָט באַטראָפן 46.0, אין פארגל״ך מיט 30.5 - אין
1920. עס ז״נען געווען 26% מער פרויען ווי מענער אינעם חתונה־עלטער;
כמעט א העלפט קינדער ז״נען געווען יתומים.

## 2. רעקאָנסטרוקציע פונעם פאַמיליע־לעבן

די באפר״ונג האָט געעפנט נ״ע האָריזאָנטן פאר דער שארית הפליטה
פון אונגארישן ײדנטום. עס האָט געהערשט דער גלויבן, אז עס האָט זיך
אָנגעהויבן א נ״ע תקופה פון דעמאָקראַטיע און ליבעראַליזם.

באוואויגן דורך האָפענונגען אויף א ליכטיקערער צוקונפט, האָבן
די ײדן זיך גענומען ווידער אויפצוריכטן ז״ערע רואינירטע לעבנס. די
ערשטע שטרעבונג איז געווען צוריק א״נצושטעלן א נאָרמאַלן משפחה־לעבן.
עס איז פאָרגעקומען אן אמתע כוואַליע פון חתונות. אזוי למשל, האָט מען
אין דער שטאַרק רעדוצירטער קהילה פון קאַפאָשוואַר אין א״ן טאָג געשטעלט
16 חופות. אין א״ן זונטיק (אין מאַי, 1946) ז״נען אין בודאַפעשט פאָר־
געקומען 100 חתונות. די צאָל געבורטן האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו וואַקסן;
אין 1946 איז די ציפער דערגאַנגען ביז 2,188, איבערשט״גנדיק צום
ערשטן מאָל זינט דער נאַצי־קאַטאַסטראָפע די צאָל טויטפאַלן.

## 3. רעליגיעזע און קולטורעלע אויפלעבונג

דעם זעלבן פראָצעס פון ווידעראויפבוי האָט מען געקאָנט מערקן אין
דעם רעליגיעזן און קולטור־לעבן פון אונגארישן ײדנטום. עס ז״נען
צוריק געעפנט געוואָרן די ביוראָען פון אלע פארמלחמהדיקע ײדישע לאַנד־
אָרגאַניזאַציעס (דאָס צענטראַל־ביוראָ פון די אָרטאָדאָקסישע ײדן; פון די
רעפאָרם־ײדן; און פאַרש״דענע ציוניסטישע אינסטיטוציעס). פון די געווע־
זענע 472 ײדישע קאָנגרעגאַציעס האָבן 266 ווידער אָנגעהויבן צו פונקציאָ־
נירן. די גרעסערע קאָנגרעגאַציעס האָבן באַזעצט די פּאָסטנס, וואָס ז״נען
געבליבן ל״דיק נאָכן אומקום פון ז״ערע רבנים־קדושים. די בודאַפעשטער
ראַבינער־שול האָט אָנגעהויבן צוצוגר״טן נ״ע רבנים (זיבן האָבן געקראָגן
סמיכה אין 1946, און נ״ן - אין 1947). אָבער צוליב דער מוראַדיקער
פארטיליקונג פונעם ישוב ז״נען א סך קלענערע קהילות פארשוואונדן: 93
אזעלכע קאָנגרעגאַציעס האָבן זיך אויפגעל״זט במשך פונעם ערשטן נאָכמלחמה־
יאָר, מחמת ז״ האָבן פארלאָרן אלע ז״ערע מיטגלידער. די בנינים פון די
סינאַגאָגעס און די בית־עלמינס ז״נען אריבער אין רשות פון די אַנטשפרעכנ־
דע רעליגיעזע לאַנד־ביוראָען (די העכסטע קערפערשאַפטן פון די רעליגיעזע
גרופּירונגען).

גל״כצ״טיק האָט אָנגעהויבן זיך צו אַנטוויקלען א בר״טע אקטיוויק״ט
אויפן געביט פונעם ײדישן קולטור־לעבן אין לאַנד. ס'איז אויפגעקומען
א פּלעיאַדע פון נ״ע שר״בערס. עס ז״נען דערשינען צענדליקער זכרונות־

ביכער. יענאָ לעוואי האָט פארפאסט א מאָנומענטאלע מאָנאָגראפיע אין דריי בענד איבער דעם פאשיסטישן רעזשים אין אונגארן. די בודאפעשטער קהילה האָט געגרינדעט א ײדישן פרייען אוניווערסיטעט און א מוזיק־שול. דער נאציאָנאלער ײדישער מוזיי איז ווידער דערעפנט געוואָרן; 23 פון די געוועזענע 147 עלעמענטאר־שולן, 3 אזוי־גערופענע „געזעלשאפטלעכע" שולן, און 5 מיטלשולן ־ אלץ געמיינדע־אנשטאלטן ־ האָבן צוריק אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן.

דער גרויסער חורבן, וואָס האָט געטראָפן דאָס אונגארישע ײדנטום, האָט נאָך באהערשט די סצענע במשך פון א לאנגער צייט. אין כמעט אלע גרעסערע צענטערס (בודאפעשט, מישקאָלץ, דזשיאָר, פעטש, א"אנד) זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן מאָנומענטן לזכר די אומגעקומענע 550,000 מארטירערס. אין א צאָל פאלן האָבן די אויפדעקונגס־צערעמאָניעס געטראָגן דעם כאראקטער פון נאציאָנאלע געשעענישן. די קערפערס פון א סך קרבנות, וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין מערב־אונגארן, זיינען אויסגעגראָבן געוואָרן, און מען האָט זיי געבראכט צו קבורה אין דער הויפטשטאָט. אומעטום איבערן לאנד קאָן מען זיך אָנשטויסן אויף אזעלכע מאָנומענטן, וואָס דערמאָנען וועגן דער סאמע פינצטערער תקופה אין דער געשיכטע.

4. <u>עקאָנאָמישע רעהאביליטאציע</u>

נאָך דער באפרייונג, דעם 6טן אפריל 1946, איז די עקאָנאָמישע לאגע פון אונגארן געווען א טראגישע. די ווירטשאפט פון לאנד האָט זיך געפונען אין א באָטישן צושטאנד. א באדייטנדער טייל פון דער אונגארישער אינדוסטריע ־ גאנצע 40 פראָצענט ־ איז געלעגן אין חורבות. דער טראנספּאָרטאציע־וועזן איז געווען פאראליזירט: דער גרעסטער טייל פון די באוועגונגס־מיטלען, ווי לאָקאָמאָטיוון און וואגאָנען, זיינען ארויסגעפירט געוואָרן פון די דייטשן, אָדער זיינען צעשטערט געוואָרן דורך באָמבארדירונג.

די עקאָנאָמישע סיטואציע פון די ײדן איז געווען אפילו נאָך טראגישער. די הייזער און די געשעפטן פון די צוריקגעקומענע ײדן זיינען געשטאנען אויסגעליידיקטע. די פינאנציעלע פארלוסטן פון די אונגארישע ײדן זיינען געשאצט געוואָרן אין א געמיינזאמען מעמאָראנדום פון די ײדישע לאנד־אָרגאניזאציעס אויף נישט ווייניקער ווי א ביליאָן דאָלאר.

דאָס אמעריקאנער ײדנטום האָט אָנגעהויבן שנעל צו שיקן הילף די פאראָרעמטע קרבנות פון נאציזם, אין אן אומפארגלייכבארן פארנעם. דער אמעריקאנער דזשוינט האָט אָרגאניזירט און סובסידירט א גאנצע נעץ פון אומזיסטע באשפייזונגס־פונקטן, יתומים־הייזער, מושב־זקנימס, שפיטאָלן, קולטור־אָרגאניזאציעס אאז"וו. אין פארלויף פון די ערשטע פאָר יאָר האָבן זיי אויסגעגעבן 30 מיליאָן דאָלאר.

די אונגארישע רעגירונג האָט דורכגעפירט א צאָל דעקרעטן און געזעצן, צו רעגולירן די לעבנס־וויכטיקע פראָבלעם פון רעסטיטוציע. די דאָזיקע מאָסמיטלען זיינען פונעם ײדישן שטאנדפונקט געווען ווייט פון צופרידנשטעליק: ערשטנס זיינען די געזעצן געווען קאָמפליצירט; זיי האָבן פאחאריזירט די קריסטלעכע באזיצערס, וואָס האָבן איבערגענומען דאָס ײדישע האָב־און גוטס, אָדער די איינוואוינערס וועלכע האָבן זיך אריינגעקליבן אין די ײדישע דירות. אין פאלן פון לאָדן זיך האָט די מאכן ארויפגעלייגט שווערע טעגלעכע אָפּצאָלן פאר די בוררים. די ײדישע אָרגאניזאציעס האָבן אויסגעדריקט זייער אומצופרידנקייט אין מעמאָראנדומס און ביי צוזאמענפאָרן. אָבער נישט געקוקט אויף אָט די אלע חסרונות, האָבן די דאָזיקע געזעצן דאָך פארזיכערט באָטש אין א געוויסער מאָס די עקאָנאָמישע רעהאביליטאציע פאר

די ייִדן. אייגנטומס אין פאָרם פון געביידעס זיינען כמעט אין גאנצן צוריקגעגעבן געוואָרן, מחמת אלס רעזולטאט פון דעם קורצן דויער פונעם נאצי־רעזשים איז נישט געווען קיין צייט צו טראנספערירן די יידישע פארמעגנס, און די אייגנטומס־רעכט זיינען געבליבן אומבאשטרייט. רעגירונגס־באאמטע זיינען רעסטאווירט געוואָרן אויף זייערע פאָסטנס. די, וואָס האָבן געהאט מלוכה־קאָנצעסיעס, האָבן צוריק באקומען זייערע רעכט. וואָס שייך דער רעסטאווירונג פון געשעפטן איז שוין דער פּראָצעס געווען א לאנגזאמער. דאָס ערגסטע אָבער איז געווען, אז ייִדן האָבן נישט צוריקגעקראָגן דעם לאנדבאזיץ, וואָס איז ביי זיי קאָנפיסקירט געוואָרן דורך די פאשיסטן. זיי האָבן איצט ענדגילטיק פארלאָרן זייער קאָנטאקט מיט דער לאנדווירטשאפט.

די אומקאָנטראָלירבארע אינפלאציע נאָך דער מלחמה האָט געטראָפן די ייִדן אויף צוויי אופנים: די שנעלע ירידה פון דער וואלוטע האָט גורם געווען א פיבערהאפטע יאָגעניש נאָך איינקויפן וואָס עס זאָל נישט זיין, אבי פטור צו ווערן פון די דעוואלואירטע באנקנאָטן. דאָס האָט געשאפן א געלעגנהייט אויסצובייטערן די פּראָדוקציע. פון דער אנדערער זייט, האָבן די לוין־אָנגעשטעלטע שטארק געליטן פון דעם כסדרדיקן בארג אראָפּ אין דער קויף־קראפט פון זייערע פארדינסטן. אם ערגסטן איז אָבער געווען די לאגע פון דער גרויסער צאָל אינוואלידן, אלטע מענטשן, אלמנות א״אנד, וואָס זיינען נישט געווען ביכולת צו טאָן א וועלכע נישט איז ארבעט.

5. באשטראָפונג פון מלחמה־פארברעכערס

אונגארן איז געווען איינע פון די לענדער, וואו די מלחמה־פארברעכערס האָבן באקומען זייער פארדינטע שטראָף. עס זיינען געשאפן געוואָרן פאָלקס־געריכטן, און די קאָנצעפּציעס פון מלחמה־פארברעכנס און פארברעכנס קעגן פאָלק זיינען קלאָר דעפינירט געוואָרן. די שולדיקע זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו פאראנטוואָרטלעכקייט. מען האָט כמעט אלע קאבינעט־מיטגלידער פון דער פאשיסטישער רעגירונג ארעסטירט און געשטעלט צום געריכט. דער בלוטדורשטיקער ל. ענדרע, וואָס איז געווען פאראנטוואָרטלעך פאר דער דעפּאָרטאציע פון 400,000 ייִדן קיין אוישוויץ אין פארלויף פון זעקס וואָכן; זיין הענקער ל. באָקי; דער טייוולאָנישער בעלא אימרעדי, געוועזענער פרעמיער און דירעקטאָר פונעם נאציאָנאל־באנק; דער האלב־משוגענער סאדיסט פערענץ סאלאסי, דער „פירער פון פאָלק" נאָך דעם אראָפּגעזעצטן רעגענט נ. האָרטי; און די מיטגלידער פון זיין קאבינעט - זיי אלע האָבן באצאָלט מיטן לעבן פאר זייערע מאָנסטער־פארברעכנס. זיי זיינען דערשאָסן געוואָרן אדער געקראָגן די תליה אין דער באגלייטונג פון שטורמישע דעמאָנסטראציעס.

אין פארלויף פון צוויי יאָר זיינען הינגעריכטעט געוואָרן 136 פארברעכערס, און 15,178 שטראָף־אורטיילן פון פארשיידענער הארבקייט האָט מען ארויסגעגעבן פאר קלענערע פארברעכערס.

6. אנטיסעמיטיזם

די הארבע שטראָפן, וואָס די מלחמה־פארברעכערס האָבן געקראָגן, האָט צום באדויערן נישט געדינט אלס אן אָפּשרעקנדיקער פאקטאָר לגבי דעם אנטיסעמיטיזם. די אונגארישע רעגירונג האָט אָנגענומען דעם אקט VIII, 1946, דערקלערנדיק אנטיסעמיטישע אגיטאציע פאר א קרימינעלן פארברעכן. אין א ספּעציעלן געזעץ (אקט XXV, 1946) האָט די רעגירונג צוגעטיילט דעם אונגארישן ייִדנטום „מאָראלישע סאטיספאקציע" פאר די רציחות, וואָס זיי האָבן געהאט אויסצושטיין. אָבער די שפּאנונג אין דער אטמאָספער האָט געהאלטן אין איין שטייגן.

א סך פאקטאָרן צוזאמענגענומען האָבן גורם געווען צו דער נייער כוואליע פון "ידן־האס. ראשית, די נאצי־פראָפּאגאנדע, וואָס איז געפירט געוואָרן במשך פון יאָרן, האָט נאָך אלץ זיך געלאָזט שפּירן אין דער פּרעסע, אויף דער ראדיאָ, אין רעדעס און אין ביכער. צווייטנס איז צוגעקומען די אומצופרידנקייט פון יענע, וואָס האָבן געמוזט איצט אומקערן די "ידישע פארמעגנס, וועלכע האָבן זיך געפונען ביי זיי אין די הענט. דריטנס, דער פאקט, וואָס א צאָל "ידן זיינען אָנגעשטעלט געוואָרן אין דער פּאָליציי (מחמת זיי זיינען געווען א „פארלאָזלעכער" עלעמענט), און א צאָל "ידן זיינען באשטימט געוואָרן צווישן די ריכטערס פון די „פּאָלקס־געריכטן" (צוליב דער זעלבער סיבה), האָט ביי‏געטראָגן צו דער אנטי־"ידישער אגיטאציע. און דאָס, וואָס אייניקע פירערס פון דער קאָמוניסטישער פארטיי זיינען געווען פון "ידישן אָפּשטאם (מאטיאש ראקאָשי, ע. געראָ, דזשאָזעף רעוואי, זאָלטאן וואש, א"אנד) האָט אויך געדינט ווי א קוואל פון אנטיסעמיטיזם.

א צוגאָב־פאקטאָר אין דער "ידישער סיטואציע איז ארויסגעבראכט געוואָרן בעת דעם עדות־זאָגן ביי דער אמעריקאנער ספּעציעלער קאָמיסיע איבער קאָמוניסטישער אגרעסיע (פינפטער באריכט וועגן די פארהערן ביי דער סובקאָמיסיע איבער אונגארן). זאָלטאן פּפייפער, אונגארישער אונטער־סעקרעטאר פאר יוסטיץ, אין 1946, האָט דאָרט אָפּגעגעבן די פאָלגנדיקע דערקלערונג:

זומער 1946 האָט דער אויפגעהעצטער דורך די קאָמוניסטן המון דורכגעפירט א פּאָגראָם אין קונמאדאראש. עס קען גרייליך קלינגען משונהדיק, אז די קאָמוניסטישע פארטיי זאָל נעמען אן אָנטייל אין אן אָפענער אנטיסעמיטישער פּראָפּאגאנדע. אין אונגארן האָט די קאָמוניסטישע פארטיי געהאט זייער ווייניק אָנהענגערס. זיי האָבן רעקרוטירט מיטגלידער, וואו נאָר עס האָט זיך געלאָזן, און א סך געוועזענע נאצים האָבן זיך אָנגעשלאָסן, געווינענדיק אויף אזא אופן אימוניטעט פאר זיך.

דאָס איז געטאָן געוואָרן אזוי אָפן, אז די קאָמוניסטישע פארטייאָרגאניזאטאָרן פלעגן ארומפאָרן איבער די אינטערנירונגס־לאגערן, צוזאָגנדיק תיכּפדיקע פריהייט, פולשטענדיקע אימוניטעט, און א קאַריערע פאר די, וואָס וועלן זיך אָנשליסן און שווערן בלינדע געהאָרכזאמקייט.

אינעם זעלבן עדות־זאָגן איז דערקלערט געוואָרן, אז אין אויגוסט 1946, האָט לאסלא פּיראָש (דער אָרגאניזאציאָנעלער סעקרעטאר פון דער קאָמוניסטישער פארטיי) - האנדלענדיק אין איינקלאנג מיט דעם רוסישן לאָזונג „די תליה פאר די ספּעקולאנטן פון שווארצן מארק" - אָרגאניזירט א מארש פון 200 פּערזאָן קיין מישקאָלץ. די דעמאָנסטראנטן האָבן צעשלאָגן אויף טויט א "ידישן מילנער, און שיעור נישט דערהרגעט א סך אנדערע. דער פּאָגראָם האָט אָנגעוואָרפן א שרעק אויף די קאָמוניסטן. דער קאָמוניסטישער אינערן־מיניסטער, לאסלאָ ראיק, האָט ארעסטירט די כוליגאנעס, אָבער נישט די וואָס האָבן אויפגעהעצט.

אויף מאָרגן האָבן פּיראָש און זיין געהילף, פערענץ דושעק, ווידער אָנגעפירט מיט א דעמאָנסטראציע־צוג. זיי האָבן באפרייט די ארעסטירטע פארברעכערס, און האָבן דערביי צעשלאָגן די "ידישע באאמטע פון דער פּאָליציי.

די אויספירערס און די אָרגאניזאטאָרן פונעם פּאָגראָם אין מישקאָלץ זיינען נישט געבראכט געוואָרן צום געריכט, מחמת עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער פּאָגראָם איז צוגעגרייט און אויסגעפירט געוואָרן דורך די קאָמוניסטישע פארטיי־פונקציאָנארן.

אין דער פריאיקער סטאדיע פון די קאָמוניסטישע אקטיוויטעטן האָבן קאָמוניזם און אנטיסעמיטיזם זיך געפּאָרט אין אונגארן. דעם 15טן מערץ

1946, האט דער פירער פון דער קאמוניסטישער פויערים־פארטיי, יאזעף דארוואש, וועלכער איז דערנאך געווארן א מיטגליד פון דער קאמוניסטישער רעגירונג, פארעפנטלעכט א לייטארטיקל, ווארנענדיק די ייִדן זיי זאלן נישט פרובירן צו שלאגן קאפיטאל פון זייערע לײדן, ווייל „אין קעגנפאל וועט דאס אונגארישע פאלק זיי ארויסשטויסן". און זיינע פארטיי־רעדלפירערס האבן אים טריי נאכגעפאלגט. אנדערע פאליטישע שרייבערס האבן אין זייערע ווערק אריינגעפלאכטן העצערישע טענער (למשל, „דער אונטערגאנג פון דעם דריטן רייך", פון מ. וועסעלעני; „די מענטשן וואס זיינען דא פארבליבן", פון י. סעטשי).

## 7. די רעאקציע פון ייִדנטום; ציוניזם

דער פועל־יוצא פון דער דאזיקער סיטואציע איז געווען, אז גאר גיך האט א שטארקער באגער צו פארלאזן דאס לאנד ארומגעכאפט די אונגארישע ייִדישע מאסן.

לויטן געמיינזאמען מעמאראנדום פון די אונגארישע ייִדישע ארגאניזאציעס, פון מערץ 1946, האבן 63,500 ייִדן געהאט בדעה צו עמיגרירן קיין ארץ־ישראל, און 45,000 אין אנדערע לענדער. צוזאמען האבן 108,500 ייִדן געוואלט אויסוואנדערן פון לאנד. אין דער דאזיקער אטמאספער האט די ציוניסטישע באוועגונג אנגעהויבן צו וואקסן ווי אויף הייוון. אנהייב 1946 זיינען שוין געווען טעטיק הכשרה־גרופעס אין פאלגנדיקע צאלן: השומר־הצעיר – 11; בני־עקיבא – 10; דרור הבונים – 8; הנוער הציוני – 6; גורדוניה – 5. די כוללדיקע צאל חלוצים האט איבערגעשטיגן 2,000.

די באוועגונג צו פארלאזן דאס לאנד איז געווען אזוי בולט אויסגעדריקט, אז אן אונגארישער קאטוילישער זשורנאליסט, דזשיארדזש פאראדזש, האט אפעלירט צו די אונגארישע ייִדן, זיי זאלן זיך אפזאגן פון זייערע עמיגראציע־פלענער און נעמען אנטייל אין דער רעקאנסטרוקציע פונעם לאנד.

די ענטפערס וואס ער האט באקומען, ווארפן א שארף ליכט אויף דעם געמיט־צושטאנד פון די ייִדן:

„די אונגארן האבן אונדז געמארדעט, בארויבט, דעגראדירט אונדז צו א שטופע פון חיות" – האט איינער געשריבן. „איר האט קיין רעכט נישט צו רופן אונדז דעזערטירערס, ווייל איר ווייסט זייער גוט, אז מען האסט אונדז מער ווי ווען נישט איז פריער".

„איך קאן נישט לעבן צוזאמען מיט די אומבאקאנטע מערדערס פון מיינע עלטערן, קינדער און מיין פרוי" – האט געענטפערט א צווייטער.

„מיך צווינגט אוועקצופארן נישט קיין געפיל פון פחדנות – האט דער דערקלערט א דריטער – נאר אן עקל צו געוויסע מענטשן, וועלכע האבן נישט געביטן זייער פאליטישע באפארבונג. דעמאקראטיע געפינט זיך נאך דא אין אירע ווינדעלעך, און איך האב נישט קיין צייט צוווארטן ביז זי וועט אויסוואקסן".

די ביטערע דערינערונגען פון דער נאענטער פארגאנגנהייט, דער ווייטאק פון דארפן לעבן צווישן די, וועלכע האבן פארגאסן דאס בלוט פון זייערע ליבע און טייערע, און דער גיפטיקער אנטיסעמיטיזם וואס האט געהערשט אין לאנד – זיינען געווען די הויפט־סיבות פון אן אמתן אויסוואנדערונגס־פיבער צווישן די ייִדן, בלויז איין יאר נאך זייער קומען אהיים פון דעפארטאציעס אדער זייער באפרייאונג פון די געטאס.

## ג. פעריאָד פון ירידה

### 1. גלײַכשאַלטונג (1953-1948)

די קאָמוניסטישע איבערקערעניש אין 1948 און די סאָוועטיזירונג פונעם לאַנד, וואָס האָט גלײַך נאָכגעפאָלגט, האָבן גורם געווען געוואַלדיקע ענדערונגען אויף דער אַלגעמײנער, ווי אויך אויף דער ײדישער סצענע.

שנעל האָט זיך אָנגעהויבן א גלײַכשאַלטונג פונעם ײדישן קולטור-לעבן. אַלע ײדישע צײַטונגען און פעריאָדישע שריפטן זײַנען אָפּגעשטעלט געוואָרן, אחוץ אײנער „אוי עלעט" (דאָס נײַע לעבן). דער דאָזיקער אָרגאַן, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן און די אַקטיוויטעטן פון א פילפאַרביקן ײדנטום, איז געוואָרן אײנטאָניק און האָט זיך אָפּגעגעבן, דער עיקר, מיט גלאָריפיצירן די פירערס פון סאָוועט-אונגאַרן און סאָוועט-רוסלאַנד, און מיט אַטאַקעס אויף די „מערבדיקע אימפּעריאַליסטן". די ײדישע ליטעראַרישע פּראָדוקציע איז מיט א מאָל אָפּגעשניטן געוואָרן. געלערנטע, ווי ד"ר שמואל לאָווינגער, דער פּרעזידענט פון בודאַפּעשטער ראַבינער-סעמינאַר; פירנדע רבנים, ווי ד"ר פ. העוועשי, דער אײבער-ראַבינער פון בודאַפּעשט, און זײַן נאָכפאָלגער, ד"ר פ. הערשקאָוויטש, ווי אויך צענדליקער אַנדערע, האָבן אויסגעוואַנדערט.

פאַרשוואונדן פון דער סצענע זײַנען אויך ײדישע פאַרזאַמלונגען, קאָנפערענצן מיט זײערע הײסע דעבאַטן, אויסטויש פון מײנונגען און פּאַרטײ-ראַנגלענישן. מען פלעגט פאַרופן מיטינגען בלויז כדי „ענטוזיאַסטיש" צו שטימען פאַר רעזאָלוציעס, וואָס די נײַע „פירערס" האָבן צוגעשטעלט.

### 2. ליקווידאַציע פונעם ײדישן אָרגאַניזאַציאָנעלן און קולטור-לעבן

אין יוני, 1948, איז אָנגענומען געוואָרן דאָס געזעץ וועגן נאַציאָנאַליזירונג פון די שולן, וואָס האָט באַפולמעכטיקט די רעגירונג איבערצונעמען אַלע קאָנפעסיאָנעלע שולן. די קאַטוילישע קירך איז אַרויס מיט א שטאַרקן ווידערשטאַנד, וואָס האָט דערגרײכט דעם קולמינאַציע-פונקט אין א בלוטיקן צוזאַמענשטויס, אין דער שטאָט פּאָטשפּעטרי, וואו אײן פּאָליציאַנט איז דערהרגעט געוואָרן. די באַשולדיקטע אײנעם אויסברוך זײַנען געשטעלט געוואָרן תיכף צו א מיליטערישן געריכט. אין פאַרלויף פון 48 שעה איז דער טויט-אורטײל פאַר דעם טויט-שלעגער אויסגעפירט געוואָרן, און דער גלח פון דעם שטעטל, זײַן מיטהעלפער, איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף לעבנס-תפיסה. די פּראָטעסטאַנטישע קירכן האָבן נאָכגעגעבן און זײ האָבן אונטערגעשריבן אן אָפּמאַך מיט דער רעגירונג. די ײדן האָבן נאָכגעפאָלגט זײער בײַשפּיל. אין זײער אָפּמאַך האָבן די ײדישע געמײנדעס געגנומען צו קענטעניש דעם פאַקט, אז די אונגאַרישע רעגירונג האָט באַשלאָסן איבערצונעמען די נישט-מלוכה-שולן. אָבער וואָס שײך די ראַבינער-שולן און די תלמוד-תורה'ס, איז פאַר זײ געמאַכט געוואָרן אן אויסנאַם פון דעם כלל; חוץ דעם האָט די רעגירונג אויסגעדריקט איר אָנערקענונג פאַר די פאַרדינסטן פון דער ײדישער געמײנדע דורך דעם, וואָס אײן ײדישע מיטלשול אין בודאַפּעשט איז נישט נאַציאָנאַליזירט געוואָרן. אָבער אין 1949 האָט די רעגירונג געשלאָסן די דאָזיקע מיטלשול, ווי אויך דעם ײדישן לערער-סעמינאַר און די „אָרט"-שולן. אין 1950 זײַנען אויפגעלײזט געוואָרן די ײדישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט און דער ײדישער קולטור-פאַרבאַנד, נאָך צענדליקער יאָרן פון פּובליקירן ווערטפולע ווערק איבער ײדישער ליטעראַטור און פאָלקלאָר. זײער פונקציע איז אָפיציעל טראַנספערירט געוואָרן צום קולטור-זעפ'ט פון דער בודאַפּעשטער קאָנגרעגאַציע, וואָס זײַן טעטיקײט איז גאָר ווײניק אָדער כמעט גאָרנישט באַקאַנט.

די נײע אונגארישע קאָנסטיטוציע, פון 20סטן אויגוסט 1949, האָט פראָקלאמירט די צעטײלונג צווישן שטאט און קירך (דער לאָזונג איז געווען: „א פרײע קירך אין א פרײען שטאט"). אלס רעזולטאט דערפון האָבן די ײדישע קהילות פארלאָרן דאָס רעכט ארויפצולײגן שטײער אויף זײערע מיטגלידער און עס אויפמאָנען – אויב נײטיק – מיט דער הילף פון די מאכט־אָרגאנען. זײ האָבן אויך פארלאָרן זײער רעכט אויף מלוכה־סובסידיעס. פריער האָט די רעגירונג גאראנטירט א מינימום געהאלט פאר די רבנים (פונקט ווי פאר אנדערע גײסטלעכע); אויב זײערע קאָנגרעגאציעס זײנען נישט געווען ביכולת צו באצאָלן די שכירות, איז די רעגירונג געווען פארפליכטעט צו דעקן דעם אונטערשײד. די דאָזיקע רעכט זײנען באטראכט געוואָרן ווי דער יסוד פאר דער פינאנציעלער סטאבילקײט פון די רעליגיעזע אָרגאניזאציעס.

כדי צו פארלײכטערן דעם איבערגאנגס־פעריאָד, האָט די אונגארישע רעגירונג, דעם 10טן דעצעמבער 1948, געשלאָסן אן אָפּמאך מיט די פארטרעטערס פונעם ײדישן לאנד־ביוראָ, לויט וועלכן די מלוכה האָט זיך פארפליכטעט צו געבן א צײטווײליקע סובסידיע, וואָס וועט צום סוף פון יעדן פינפטן יאָר רעדוצירט ווערן אויף 25%. נאָך 1968 וועט די מלוכה מער קײן סובסידיעס נישט געבן.

די צענטראליזירונג פון ײדישע רעליגיעזע אָרגאניזאציעס איז פאָרגעקומען אין 1950. אין פארלויף פון 83 יאָר איז דאָס אונגארישע ײדנטום געווען פארטײלט אין דרײ סעקטאָרן: די אָרטאָדאָקסן, די „נעאָלאָגן" (רעפאָרמער), און די „סטאטוס קוואָ" (א מיטעלער וועג). יעדע גרופע האָט געשאפן שטארקע לאָקאלע און לאנד־אָרגאניזאציעס און אנטוויקלט זײער אײגענע ליטעראטור. אונטערן דרוק מצד דער רעגירונג האָבן די דאָזיקע סעקטאָרן ליקווידירט זײערע ספעציפישע אָרגאניזאציעס און האָבן זיך צונויפגעגאָסן.

דעם 20סטן פעברואר 1950 איז פאָרגעקומען די דערעפענונג פון דעם צוזאמענפאָר, וואו ס'איז פראָקלאמירט געוואָרן די פאראײניקונג פון אלע ײדישע אָרגאניזאציעס. דער מיניסטער פאר רעליגיעזע ענינים האָט געעפנט דעם צוזאמענפאָר פון 170 דעלעגאטן, וואָס האָט געדויערט 4 טעג. די נײע סטאטוטן זײנען אײנשטימיק אָנגענומען געוואָרן. די הויפט־פונקטן זײנען פאָלגנדיקע: די קאָנגרעגאציעס זאָגן זיך אָפּ פון זײערע באזונדערע נעמען (אָרטאָדאָקסן, נעאָלאָגן, סטאטוס קוואָ). אין אײן שטאָט אָדער שטעטל מעג עקזיסטירן בלויז אײן קאָנגרעגאציע. די אײנצלנע קאָנגרעגאציעס דארפן גרופירט ווערן אין דיסטריקטן, און עס וועלן אויסגעטײלט ווערן 6 אזעלכע דיסטריקטן איבערן לאנד. די העכסטע אינסטאנץ פאר אלע קאָנגרעגאציעס וועט ווערן דאָס לאנד־ביוראָ פון אונגארישן ײדנטום. די אָנפירונג פונעם לאנד־ביוראָ וועט באשטײן פון א פרעזידענט, וויצע־פרעזידענטן, אן עקזעקוטיוו־ראט און א ראבינער־ראט. לאיאָש שטעקלער, דער פרעזידענט פון דער בודאפעשטער ײדישער קאָנגרעגאציע איז דערווײלט געוואָרן אלס פרעזידענט פון לאנד־ביוראָ.

די נאציאָנאליזירונג פון די שולן, ווי אויך די צעטײלונג צווישן שטאט און קירך האָבן געהאט א דירעקטע ווירקונג אויף דעם רעליגיעזן חינוך פונעם אויפוואקסנדיקן דור. טראדיציאָנעל האָבן די פראָגראמען פון די עפנטלעכע עלעמענטאר־ און מיטל־שולן אין אונגארן אײנגענומען דעם לימוד פון רעליגיע. אזוי ארום האָט יעדעס קינד באקומען, לכל הפחות, א שטיקל באגריף וועגן זײן גײסטיקער ירושה. אלס רעזולטאט פון דער געענדערטער סיטואציע איז דער אונטערריכט פון רעליגיע אויסגעשלאָסן געוואָרן פון די שול־פראָגראמען. אָבער די עלטערן זײנען געווען בארעכטיקט צו פארלאנגען, אז די שול־אויטאָריטעטן זאָלן באזאָרגן זײערע קינדער מיט רעליגיעזן אונטערריכט. אינעם ערשטן יאָר איז דער פארלאנג פאר דעם

אונטערריכט געווען א שטארקער: לויט ווי מען האָט באריכטעט, האָבן פון אן ערך 4,500 קינדער א וואָסערע 2,800 אריינגעטראָגן אזעלכע ווענדונגען. די רעגירונג, אָבער, האָט נישט באזאָרגט די נייטיקע באדינגונגען פארן לימוד פון רעליגיע. די קאָנגרעגאציעס גופא פירן אָן מיט קלאסן פארן רעליגיעזן אונטערריכט. ס'איז קלאָר, אז אזעלכע קלאסן קאָנען נישט פארבייטן די יידישע שולן און ליידן אויף א צופרידנשטעלנדיקן אופן די פראָבלעם פון יידישן חינוך, און אלס רעזולטאט דערפון וואקסט אויף א באדייטנדיקער טייל פונעם יונגן יידישן דור אין פולשטענדיקער עם־הארצות וואָס שייך יידישקייט.

דער גרויסער יידישער שפיטאָל אין בודאפעשט, וואָס דער דזשוינט האָט אויסגעגעבן א ריזיקע סומע, כדי אים ווידער צו באזאָרגן מיט די נייטיקע איינריכטונגען, איז נאציאָנאליזירט געוואָרן. לויט ידיעות פון בודאפעשטער קוואלן, איז פאר יידן, וואָס היטן אָפ כשרות, רעזערווירט געוואָרן א קליינער שפּיטאָל מיט 80 בעטן.

3. <u>סטרוקטור־ענדערונגען אינעם עקאָנאָמישן לעבן</u>

אונטער דעם נאציאָנאליזאציע־געזעץ (אקט XXV, 1948) פון 25טן מאי 1948, זיינען אלע פאבריקן, ווערקשטאטן, ערץ־ און קוילן־גרובן, וואָס באשעפטיקן מער ווי הונדערט ארבעטערס, נאציאָנאליזירט געוואָרן. די איינגנטימערס האָבן געזאָלט קריגן קאָמפּענסאציע. א ספּעציעלער געזעץ האָט געדארפט באשטימען די גרויס פון דער אנטשעדיקונג, אָבער ביז איצט איז נישט באוואוסט וועגן אָננעמען אזא מין געזעץ. עס איז געווען א נאציאָנאליזירונג אָן קאָמפּענסאציע. דער נאציאָנאליזאציע־דעקרעט, פון 28סטן דעצעמבער 1949, האָט זיך אויסגעלאָזן מיט קאָנפיסקירן אלע אונטערנעמונגען, וואו עס זיינען געווען באשעפטיקט צען אָדער מער, און אין געווויסע פאלן פינף פערזאָן.

אין 1950 זיינען נאציאָנאליזירט געוואָרן די פריוואטע אפטייקן; אין 1951 - די מילן אין פריוואטע הענט; און אין 1952 - די פריוואטע אפארטאמענטן־הייזער און א גרויסע קאטעגאָריע אינדיווידועלע הייזער. אויך קינעמאטאָגראפן אין פריוואטע הענט האָט מען קאָנפיסקירט, און די רעגירונג האָט נאציאָנאליזירט די טעאטערס, די פילם־אינדוסטריע און דעם פילם־אימפּאָרט.

די דעקלאראציע פון פרינציפן, וואָס די „ארבעטער־פארטיי" האָט ארויסגעגעבן אין 1949, שליסט איין די פאָדערונג צו באזייטיקן דעם פארמיטלער, כדי צו רעדוצירן דעם בריטן שפאן צווישן דעם קאָסטפרייז און מארקפרייז. מען האָט געלאָזט וויסן די האנטווערקערס, אז די צייטן פאר אן אינדיווידועלער תארשטאט־פראָדוקציע אין קליינעם מאסשטאב זיינען שוין אוועק, און אז דורך קאָלעקטיווע מעטאָדן וועלן זיי א סך מער דערגרייכן פאר זייער אייגענער הכנסה, ווי ארבעטנדיק באזונדער.

איידער נאָך זיי האָבן באוויזן זיך אָפּצוגעבן א דין וחשבון, האָבן די אונגארישע יידן דערזען, אז במעט אלע זייערע טראדיציאָנעלע פרנסות האָבן זיך ארויסגעגליטשט פון זייערע הענט.

א געווויסע צייט האָבן קליינע פאבריקן און דעטאל־געשעפטן געהאט אויסצושטיין די קאָנקורענץ מצד די מלוכה־אונטערנעמונגען; אָבער אין הארבסט 1949 זיינען די מערסטע פון זיי אריבער צום שטאט. נאָך דער נאציאָנאליזירונג זיינען די באזיצערס נישט אלע מאָל געבליבן באשעפטיקט אין זייערע פריערדיקע אונטערנעמונגען. דער פארנעם פון די פארלוסטן, וואָס יידן האָבן געליטן פון אָט די מאָסמיטלען, קומט בולט צום אויסדרוק

אין די פאָלגנדע דאטן: פון 1,721 איינגנטימערם פון דעטאל־געשעפטן, וואָס זיינען נאציאָנאליזירט געוואָרן צום 12טן דעצעמבער 1949, זיינען 1,504 געווען ייִדן.

אלס רעזולטאט דערפון, איז די עצם עקזיסטענץ פון די עקספּראָפּריאירטע מאסן געוואָרן א הארבע פּראָבלעם. די קאָמוניסטישע תרופה פאר דעם אלעם איז געווען: עקאָנאָמישע אינטעגרירונג אָדער איבערשיכטונג. אָנהײב 1949 איז געשאפן געוואָרן „מיזראט" – אן אָרגאניזאציע פאר פאך־אויסבילדונג און גרינדונג פון קאָאָפּעראטיוון. דער פּרעזידענט פון דער אָרגאניזאציע, ד"ר י. קישפּאלווי, איז געווען ווייט פון אָפּטימיזם. די פּראָפּעסיאָנעלע צופּאסונג פונעם אונגארישן ייִדנטום – האט ער געזאָגט – איז פארבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. דער דורכשניט־עלטער פון די אונגארישע ייִדן איז א הויכער – מער ווי א העלפט פון זיי זיינען איבער 46 יאָר אלט. פאר מענער אין דער העכערער עלטער־גרופּע איז שווער זיך אויסצולערנען א נייעם פאך. די לאגע איז נאָך מער באשווערט דורך דעם, וואָס די צאָל פרויען האט איבערגעשטיגן די צאָל מענער: אין די העכערע עלטער־גרופּעס איז די פּראָפּאָרץ געווען במעט ווי דאָפּלט (1,784 אויף 1,000 מענער). דער אויספיר איז געווען א גאנץ טרויעריקער, דהיינו, אז א באדייטנדיקער סעקטאָר פונעם אונגארישן ייִדנטום האט נישט געהאט פאר זיך קיין שום פּערספּעקטיוו.

דער דזשוינט האט געמאכט גרויסע אָנשטרענגונגען צו העלפן די דאָזיקע שווער געטראָפענע ייִדן. אין פארלויף פון געציילטע חדשים האט דער דזשוינט אויסגעגעבן 9,200,000 פאָרינטס (אן ערך $900,000) צו העלפן אינדיווידועלע אונטערנעמונגען; און 2,485,000 פאָרינטס (אן ערך $240,000) פאר דער גרינדונג פון קאָאָפּעראטיוון. אין די דאָזיקע קאָאָפּעראטיוון האבן 1,000 פּערזאָן געפונען באשעפטיקונג. דאָס איז אָבער ניט געווען קיין לייזונג פאר דער געוואלדיקער און טראגישער פּראָבלעם פון באשעפטיקונג פאר די ייִדישע מאסן.

## 4. <u>עמיגראציע</u>

ארום 1949 איז קלאָר געוואָרן פאר א גרויסן טייל פון אונגארישן ייִדנטום, אז זייער איינציקע רעטונג ליגט אין אויסוואנדערונג. די צאָל פון אזעלכע, וואָס האָבן צו יענער צייט געהאט דעם פארלאנג צו פארלאָזן אונגארן, איז געשאצט געוואָרן אויף 50,000 נפשות.

צו יענער צייט האט אויסגעזען, אז אונגארן וועט נאָכפאָלגן די ליבעראלע עמיגראציע־פּאָליטיק פון בולגאריע און טשעכאָסלאָוואקיי. אָבער אין פארלויף פון עטלעכע וואָכן איז פאָרגעקומען אן ענדערונג אין דער אונגארישער שטעלונג. אונגארן האט זיך א קער געטאָן צו דער נעגאטיווער פּאָליטיק, ביי וועלכער עס האט זיך געהאלטן די רומענישע רעגירונג, און די עמיגראציע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. די רעגירונג האט געשלאָסן די ביוראָען פון קרן־קימת און קרן־היסוד אין בודאפּעשט; און דעם 24סטן מערץ 1949, האט די ציוניסטישע אָרגאניזאציע זיך „פרייוויליק" אויפגעלייזט. דער מאָטיוו איז געווען, אז „די עטאבלירונג פון דער ייִדישער מדינה האט געמאכט איבעריק זייערע אַקטיוויטעטן".

ווען די האָפענונגען אויף לעגאלער עמיגראציע זיינען אויסגערונען געוואָרן, האבן גרויסע גרופּן ייִדן באשלאָסן צו פארלאָזן דאָס לאנד אומלעגאל. צום אָנהייב מאי 1949, האָבן א וואָסערע 2,000 ייִדן באוויזן צו דערשלאָגן זיך קיין ווין, דורך בראטיסלאווע, שווארצנדיק די סלאָוואקישע גרענעץ. מיט א וואָך שפּעטער איז די צאָל פּליטים דערגאנגען ביז 3,000.

די אונגאַרישע רעגירונג האָט אָנגענומען דראַסטישע מיטלען, כדי אָפּצושטעלן דעם דאָזיקן מאַסן־געלויף. די רעגירונג האָט געפּועלט בײ טשעכאָסלאָוואַקײ און בײ דער רוסישער אַרמײ אין עסטרײך, זײ זאָלן צוריקטרײבן די פּליטים פון די גרענעצן. די אונגאַרישע מערב־גרענעצן זײנען געוואָרן הערמעטיש געשלאָסן. לויט ווי מען האָט געקענט זען אויף פאָטאָגראַפֿיעס, זײנען בײ די גרענעצן אויף דער לענג פון 125 מײל אױפגעשטעלט געוואָרן באַריקאַדן פון שטעכלדראָט, אָנגעפּיקעוועט מיט אָבסערוואַציע־טורעמס און פּראָזשעקטאָרן.

ווען אין מיטן יולי, 1949, זײנען אַרעסטירט געוואָרן ייִדישע פּליטים דורך די טשעכאָסלאָוואַקישע אויטאָריטעטן, איז די דאָזיקע אויסוואַנדערונג אַלס אַ מאַסן־באַוועגונג געקומען צו אַ שלום. פאָלגלעך האָט די אונגאַרישע רעגירונג באַשלאָסן צו דערלויבן 3,000 ייִדן עולה צו זײן קײן ישראל. אַרום 1,000 פון זײ זײנען געווען אַזעלכע, וואָס זײערע נאָענטע קרובים האָבן לעגאַל אויסגעוואַנדערט קײן ישראל; די איבעריקע האָבן געדאַרפט זײן פערזאָנען איבער 55 יאָר אַלט. אין אָקטאָבער 1950 איז ווידער אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַרבאָט אויף עמיגראַציע, אָבער שפּעטער־צו איז באַנײט געוואָרן די אויסוואַנדערונג אין אַ קלײנעם פאַרנעם. אין אויגוסט 1952 זײנען 112 ייִדן אָנגעקומען קײן חיפה — די לעצטע גרופּע פון די 3,000 וואָס האָבן באַקומען אַ דערלויבעניש עולה צו זײן קײן ישראל.

אָבער דער דראַנג אויסצוואַנדערן קײן ישראל איז נאָך אַלץ געווען אַ שטאַרקער. לויט דער אינפאָרמאַציע פון יהושע שאַי, דירעקטאָר פונעם ישראל אימיגראַציע־דעפּ'ט, האָבן 50% פון די פאַרבליבענע אין לאַנד אונגאַרישע ייִדן זיך רעגיסטרירט פאַר אויסוואַנדערונג. אין אויגוסט 1952 איז באַריכטעט געוואָרן, אַז פון 100,000 ייִדן אין אונגאַרן האָבן 70,000 אויסגעדריקט אַ פאַרלאַנג צו עמיגרירן קײן ישראל.

לויט די סטאַטיסטישע דאַטן פון ישראל האָבן צווישן מאַי 1948, און סעפּטעמבער 1951, אײנגעוואַנדערט קײן ישראל 12,392 אונגאַרישע ייִדן, קומענדיק דירעקט פון אונגאַרן אָדער פון די די־פּי־לאַגערן. דאַנאַ אַדאַמס שמידט, אין „דהי ניו יאָרק טײמס" פון 26סטן מערץ 1950, האָט געשאַצט אַז די צאָל אומלעגאַלע עמיגראַנטן האָט באַטראָפן 20,000 נפשות.

5. <u>דעפּאָרטאַציעס און אַרויסשטויסונגען</u>

אין 1951 האָט די קאָמוניסטישע רעגירונג פון אונגאַרן באַשלאָסן, צוליב אירע אײגענע טעמים, אַרויסצוואַרפן און דעפּאָרטירן אַ טײל פון דער באַפעלקערונג.

דעם 22סטן מאַי 1951, האָט סטעפאַן קאָוואַטש, פאָרזיצער פונעם פּרעזידענט־ראַט אין בודאַפּעשט, אַרויסגעגעבן די פאָלגנדיקע דערקלערונג:

> דער שונא מוז ליקווידירט ווערן... קלאַסן־שונאים און נישט־פאַרלאָזלעכע עלעמענטן מוזן באַשעפטיקט זײן בײ סאָציאַליזירטער אַרבעט אונטער אַן אויפזיכט... <u>מיר</u> וועלן אויסקלײבן פאַר זײ דעם אַרבעטספּלאַץ...

מיט אַ טאָג פריער, ווי די דאָזיקע דערקלערונג איז געמאַכט געוואָרן, האָבן זיך אָנגעהויבן די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס. אינעם לאָנדאָנער „עקאָנאָמיסט", פון 4טן אויגוסט 1951, איז דערשינען דער פאָלגנדיקער באַריכט:

ביינאכט פון 21סטן אויפן 22סטן מאי האָט די בודאפעשטער געהיים־פּאָליציי פלוצעם צונויפגעטריבן עטלעכע הונדערט פערזאָן. גאנצע משפחות זיינען ארויסגעשלעפט געוואָרן פון זייערע היימען, קריגנדיק בלויז א פּאָר שעה צונויפצופאקן די סאמע נייטיקסטע זאכן, און מען האָט זיי מיט דער באן אוועקגעפירט קיין דעברעצען. דאָרט האָט מען די קינדער אָפּגעטיילט פון די עלטערן, און די דערוואקסענע זיינען אָנגעלאָדן געוואָרן אויף לאסט־אויטאָמאָבילן, וועלכע האָבן געהאט א דערלויבעניש ארײנצופאָרן אין דער פארבאָטענער זאָנע ביי דער גרענעץ מיט ראטן־פארבאנד, און זיי האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו צפון־מזרח. מער האָט מען פון זיי נישט געהערט.

דאָס איז געווען בלויז דער ערשטער טריט אין א פּראָצעס פון מאסן־דעפּאָרטאציעס. א צווייטער קאָנוואָי איז ארויסגעשיקט געוואָרן דעם 23סטן מאי, און פון דאן אָן האָבן קאָנוואָיען אָנגעהויבן צו פארלאָזן בודאפעשט דריי מאָל א וואָך... אן ענלעכע אקציע גייט אָן אין אנדערע גרעסערע שטעט פון אונגארן. עס שיינט אפילו, אז א נעץ איז אויסגעשפּרייט געוואָרן איבער קליינע שטעטלעך און פארוואָרפענע פונקטן אויף דער פּראָווינץ. די מענטשן ווערן ארײנגעכאפּט און ליקווידירט דורך א לאנגזאמער אויסראָטונג. דער דאָזיקער פּראָצעס ווערט אין געוויסע פאלן פארשנעלערט דורך דעם, וואָס א סך פערזאָנען, באקומענדיק דעפּאָרטאציע־מעלדונגען, באגייען זעלבסטמאָרד; און די באדינגונגען אונטער וועלכע די דעפּאָרטירטע ווערן געהאלטן, זיינען גורם א הויכע שטערבלעכקייט.

די פּראָצעדור איז אלע מאָל די זעלבע, בלויז די פּרטים זיינען פארשיידן. די פּאָליציי קומט אָן ביינאכט מיט א מעלדונג צו פארלאָזן די שטאָט. די קרבנות באקומען בלויז א קורצע צייט – אין בעסטן פאל 24 שעה – ארײנצופאקן א געוויסן סכום זאכן, און אויך אין דער הינזיכט זיינען פאראן וואריאנטן – פון 100 פונט ביז עטלעכע פונט. אויף ווי ווייט ס'איז באקאנט, מיטן אויסנאם פון דער ערשטער פּארטיע, ווערן די דעפּאָרטירטע – לכל הפחות אינעם איצטיקן מאָמענט – געהאלטן אין אונגארן.

ייִדן האָבן אויסגעמאכט א באדייטנדיקן טייל פון די ארויסגעטריבענע. לויט פארלאָזלעכע קוואלן, האָט די בוללדיקע צאָל דעפּאָרטירטע ייִדן באטראָפן ארום 3,000 נפשות.

ווען די נייַעס וועגן די דאָזיקע מאָסמיטלען זיינען דערגאנגען קיין אויסלאנד, האָט די אונגארישע רעגירונג זיך באמיט צו מינימיזירן די ידיעות. דעם 12טן יוני 1951, האָט די בודאפעשטער ראַדיאָ־סטאנציע אין אן ענגלישער טראנסמיסיע זיך באמיט אָפּצולייקענען די באריכטן, אז „צענדליקער טויזנטער מענטשן פון בודאפעשט זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן אין איזאָלירונגס־לאגערן". בלויז עטלעכע צענדליק אריסטאָקראטן, געוועזענע גענעראלן און באנקירן זיינען ארויסגעזעצט געוואָרן, האָט באהויפּטעט די ראַדיאָ־אויסזיציע, און עס זיינען אויסגערעכנט געוואָרן זייערע נעמען.

אָבער לויט דער ניו־יאָרקער „העראָלד טריביון", פון 28סטן יולי 1951, זיינען פון בודאפעשט ארויסגעפירט געהאָרן, ביזן מיטן יוני, 42,000 פערזאָן; און באריכטן פון ווין האָבן געשאַצט די צאָל דעפּאָרטירטע, ביז ענדע יולי 1951, אויף 65,000 נפשות.

אויף מיטינגען און צוזאמענפאָרן פון אָרגאניזאציעס, אין די צייטונגען, אין פּארלאמענטן, ווי אויך ביי די סעסיעס פון דער יו־ען, זיינען אויסגעדריקט געוואָרן העפטיקע פּראָטעסטן, און שארפע וואָרנונגען

זײנען אדרעסירט געװאָרן צו דער אונגאַרישער רעגירונג. פּראָטעסטן פון די רעגירונגען אין אַמעריקע, ענגלאַנד און פראַנקרײך האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די פּראָטעסטן.

אָט די אַלע דעקלאַראַציעס און פּראָטעסטן האָבן משמעות געמאַכט אַן אײַנדרוק אויף דער אונגאַרישער רעגירונג. אין מיטן אויגוסט זײַנען די דעפּאָרטאַציעס אָפּגעשטעלט געװאָרן.

אין נאָװעמבער חודש, אָבער, און פון צײַט־צו־צײַט אין פאַרלויף פון 1952, זײַנען אָנגעקומען ידיעות װעגן נײַע דעפּאָרטאַציעס. די „אַסאָסיעיטעד פּרעס" האָט אין אַ טעלעגראַם פון װין, מיט דער דאַטע פון 29סטן אויגוסט 1952, באַריכטעט װעגן אַ נײַער דעפּאָרטאַציע־כװאַליע פון אונגאַרישע שטעט:

סוף יוני איז די בודאַפּעשטער פּאָליצײַ אָנגעקומען קײן מישקאָלץ... זײ האָבן געגעבן 200 פאַמיליעס בלויז 20 מינוט צײַט, כדי אײַנצופּאַקן זײערע סאַמע נײטיקע זאַכן. די דעפּאָרטירטע זײַנען געצװאונגען געװאָרן איבערצולאָזן אויף הפקר אַלץ, װאָס זײ האָבן פאַרמאָגט...

סוף יוני און אָנהײב יולי זײַנען װידער דערהאַלטן געװאָרן ידיעות װעגן דעפּאָרטאַציעס פון עטלעכע שטעט נישט װײט פון דער יוגאָסלאַװישער גרענעץ, אַרײַנגערעכנט פּעטש, נאַדזשיאַטאַד, נאַדזשקאַניסאַ; און פון עטלעכע שטעט לעבן דער עסטרײַכישער גרענעץ, אײַנגעשלאָסן קעסעג און סאָמבאַטהײ. אין דרום־אונגאַרן זאָלן האָבן דעפּאָרטירט געװאָרן מיט דער באַן 51 פאַמיליעס פון סעגעד...

עס פעלן פאַרלאָזלעכע אינפאָרמאַציעס װעגן דעם, צי עס האָבן זיך געפונען ײדן צװישן די דעפּאָרטירטע.

אינעם פּעריאָד פון אַנטשפּאַנונג, װאָס איז געקומען נאָך סטאַלינס טויט, זײַנען די דעפּאָרטאַציעס אָפּגעהאַלטן געװאָרן, און די דעפּאָרטירטע האָט מען דערלויבט אומצוקערן זיך צו זײערע הײמען - אונטער געװיסע באַדינגונגען, װי מיר װעלן עס שפּעטער זען.

6. <u>אַרעסטן און פּראָצעסן</u>

אויף די בודאַפּעשטער ציוניסטישע פירערס איז געפאַלן דער חשד, אַז זײ האָבן אָרגאַניזירט דעם מאַסן־געלויף פון די אונגאַרישע ײדן אין 1949. דעם 5טן יוני 1949 האָט מען אַרעסטירט 10 מאַן און זײ זײַנען געשטעלט געװאָרן צום משפּט. זיבן פון זײ האָט מען פאַרמשפּט אויף צװאַנגסאַרבעט, און דרײַ זײַנען באַפרײַט געװאָרן פון שולד.

װײַטערדיקע אַרעסטן פון ציוניסטן זײַנען פּאָרגעקומען מיט אַ צײַט שפּעטער, אָבער די אַנטי־ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין אונגאַרן און די פאַרפאָלגונג פון די ציוניסטישע עסקנים האָבן קײן מאָל נישט דערגרײכט קײן ברײטן פאַרנעם.

בעת די אַנטי־ציוניסטישע קאַמפּאַניע האָט דערגרײכט איר שפּיץ, אין 1949, זײַנען אַרעסטירט געװאָרן די פירערס פון די אונגאַרישע ציוניסטן, ד"ר בעלאַ דעניעש און הײנריך גאַלאָש, אויף דער באַשולדיקונג אין „טיטאָיסטיש־ציוניסטישן שפּיאָנאַזש". אַבֿרהם (אָדער געזאַ) קאָרניצער, דער פירער פון די אָרטאָדאָקסישע ײדן, האָט געטײלט זײער גורל. זײ זײַנען פאַרמשפּט געװאָרן אויף דרײַ יאָר תּפֿיסה. אָבער נאָכן אָפּזיצן זײער טערמין זײַנען זײ

נישט באפרייט געוואָרן, נאָר מען האָט קעגן זיי געבראכט נייע אָנקלאגעס. בלויז דעם 15טן פעברואר, 1954, האָט דער "ידישער וועלט-קאָנגרעס מיטגע-טיילט, אז מען האָט צוריקגעצויגן די באשולדיקונגען און זיי זיינען ארויס אויף דער פריי.

אָנהייב 1953 האָט מען ארעסטירט לאיאש שטעקלער, דעם פרעזידענט פון דער בודאפעשטער "ידישער קאָנגרעגאציע און פון לאנד-ביוראָ פון די אונגארישע ידן; און לאסלאָ בענעדעק, דעם דירעקטאָר פונעם "ידישן שפיטאָל. זייער גורל איז פארהילט אין אומקלאָרקייט ביזן היינטיקן טאָג: שטעקלער זאָל האָבן פארמשפט געוואָרן אויף 8 יאָר תפיסה, און בענעדעק - זאָגט מען - איז ארויס אויף דער פריי. אין דער זעלבער צייט האָט מען באריכטעט, אז אנדערע פראָמינענטע עסקנים (לעאָ טשענגערי פון דעברעצען, שלמה גראָסבערג פון בודאפעשט) צוזאמען מיט נאָך א צאָל "ידישע דאָקטוירים און פראָפעסיאָנאלן זיינען ארעסטירט געוואָרן. עס האָט געזאָלט פארקומען א מאסן-פראָצעס, אָבער מחמת סטאלינס טויט איז ער קיין מאָל נישט דורכגעפירט געוואָרן.

ד. פעריאָד פון רעלאטיווער אנטשפאנונג (1953-1955)

מיט סטאלינס טויט האָט זיך אָנגעהויבן אין אונגארן א פעריאָד פון רעלאטיווער פארמילדערונג, וואָס האָט געבראכט אלס רעזולטאט די ליקווי-דאציע פון די אינטערנירונגס-לאגערן און דעם צוריקקומען פון די דעפּאָר-טירטע. די דאָזיקע לינדערונג האָט אָבער נישט געפירט צו וועלכע נישט איז פונדאמענטאלע ענדערונגען אויף דער "ידישער סצענע.

1. די צאָל "ידן

אלע באריכטן שטימען איין אין שאצנדיק די איצטיקע צאָל "ידן אין אונגארן אויף 100,000 נפשות. היות ווי זייער צאָל האָט אויסגעמאכט איבער 140,000 אין 1945, איז אין פארלויף פון דעם יאָרצענדליק די "ידישע באַ-פעלקערונג געפאלן אויף קרוב 30%. פון די 100,000 "ידן געפינען זיך א וואָסערע 80,000 אין בודאפעשט.

2. די קאָנגרעגאציעס

די צאָל "ידישע קאָנגרעגאציעס ווערט געשאצט אויף 70. די פון דער רעגירונג באוווּסטע אינפאָרמאציע גיט אָן זייער צאָל אויף 150. אויב אפילו די לעצטע צאָל זאָל אָנגענומען ווערן, ווייזט עס אויף אָן אויף א טראגישער ירידה. אין די סטאטיסטישע באריכטן, נומ' 13-14, מאי 1949, פונעם ביוראָ פון "ידישן וועלט-קאָנגרעס אין בודאפעשט, ווערן אויסגערעכנט 253 קאָנגרעגאציעס. אין פארלויף פון די לעצטע 6 יאָר איז זייער צאָל, בכן, פארקלענערט געוואָרן מיט 100-180. די דערקלערונג איז גאָר א פשוטע. אין 1949 איז מער ווי א העלפט פון די קאָנגרעגאציעס (געגנוי 163) באשטאנען פון גאָר קליינע עדות "ידן, וואָס האָבן געציילט ווייניקער ווי צו 100 נפשות. מחמת די מערסטע פון זיי האָבן פארלאָזן דאָס לאנד, און אנדערע האָבן זיך ארויסגעצויגן אין גרעסערע שטעט, זיינען די דאָזיקע קאָנגרעגאציעס פאר-שוואונדן געוואָרן.

די ירידה פון דער "ידישער באפעלקערונג אפילו אין די גרעסערע שטעט איז געווען א געוואלדיקע, ווי דאָס איז צו דרינגען פון דער פאָלגנדער טאבעלע:

| שטאָט | צאַל ייִדן 1949 | צאַל ייִדן 1955 |
|---|---|---|
| דעברעצען | 4,500 | 800 |
| סעגעד | 1,800 | 500 |
| פּעטש | 928 | 600 |
| מישקאָלץ | 2,357 | 500 |

די דאָזיקע ציפער דײַטן אָן, אַז מיטן אױסנאַם פון בודאַפּעשט, װאו עס קאָנצענטרירן זיך 80% פונעם אונגאַרישן ייִדנטום, גײט דאָס ייִדישע לעבן שנעל באַרג אַראָפּ איבערן גאַנצן לאַנד.

## 3. דאָס רעליגיעזע, אָרגאַניזאַציאָנעלע און קולטור־לעבן

װי עס שײַנט, עקזיסטירט אין לאַנד רעליגיעזע פרײַהײט; די רעגירונג מישט זיך נישט אַרײַן אין ענינים פון אמונה. דער פּרעזידענט פון דער אגודת ישׂראל װעלט־אָרגאַניזאַציע האָט געזען אַ גרױסן באַזוך אין די „אָרטאָדאָקסישע" בתּי־מדרשים, אין בודאַפּעשט. דער נאַדזש־רעזשים זאָל האָבן אַפילו דערמוטיקט דעם רעליגיעזן אונטעררײַכט אױסער דער שול. די בודאַפּעשטער ייִדישע קאָנגרעגאַציע פאַרמאָגט נאָך אַ ביבליאָטעק פון 80,000 בענד און כתבֿ־ידן; אַ ייִדיש! מוזײ מיט רעליגיעזע חפצים און פּאַנעל־מאַלערײַען; און צװײ ייִדישע מיטלשולן. דער בודאַפּעשטער ראַבינער־סעמינאַר זעצט װײַטער פאָר די אױסבילדונג פון יונגע רבנים, אָבער קײן אײנער האָט נישט באַקומען קײן סמיכה אין פאַרלױף פון 1954.

אָבער דער פינאַנציעלער פונדאַמענט פון די סינאַגאָגעס איז צעשטערט געװאָרן. די נײַע קאָנסטיטוציע, װאָס האָט אָפּגעטײלט די קירך פונעם שטאַט, צװינגט נישט אַרױף אױף די בירגערס די אַפיליאירונג מיט זײַערע אַנטשפּרעכנדע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס. אַלס רעזולטאַט דערפון זײַנען אַ סך ייִדן אַרױסגעטראָטן פון זײַערע קאָנגרעגאַציעס. פון די 80,000 ייִדן אין בודאַפּעשט זײַנען בלױז 30,000 מיטגלידער פון דער קאָנגרעגאַציע, בשעת 50,000 זײַנען „פרײַע", האָבנדיק איבערגעריסן זײער פאַרבינדונג מיט דער סינאַגאָגע. נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז די מערסטע פון די קהילה־מיטגלידער געפינען זיך אין געדריקטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, איז דער פינאַנציעלער צושטאַנד פון דער קאָנגרעגאַציע אַ קלאָגעדיקער. ס'איז גענוג צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז דער נײַער קאָנגרעגאַציע־פּרעזידענט, ד"ר ל. העװעש, האָט אַרױסגעלאָזן אַ פאַרצװײפלטן רוף צו די מיטגלידער װעגן בײַשטײַערונגען פאַר דער קהילה.

במשך פון יאָרהונדערטער איז אונגאַרן געװען אַ פעסטונג פון אָרטאָדאָקסישן ייִדנטום. די רעשטלעך פון אָט דער גרופּע קלאַמערן זיך נאָך עקשנותדיק אין זײער גײַסטיקער ירושה, און אָט זײ טאַקע פילן אָן אַ צאָל בתּי־מדרשים. אָבער די מערהײט פונעם רעשט ייִדן װײַזן אַרױס אַ פולשטענדיקע גלײַכגילטיקײט צו זײַערע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס. עס איז נישטאָ קײן מעגלעכקײט צו דערציען אַ קינד אינעם גײַסט פון ייִדישקײט; עס פעלט אַ יוגנט־באַװעגונג; עס פעלן ייִדישע לעקציעס, אַ ייִדישע ליטעראַטור, אַפילו אַ געלעגנהײט פאַר אַ צופעליקן צוזאַמענקום. די ייִדישע יוגנט, װי אױך די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פון אונגאַרן, װערט אָפּגעשניטן פון אַ װעלכער נישט איז ייִדישער קולטור־מאַניפעסטאַציע. אַזױ אַרום שטײט די געפאַר, אַז אַלע בינד־פעדים צװישן די דאָזיקע ייִדן און זײַערע אמונה־ברידער אין אַנדערע לענדער זאָלן איבערגעריסן װערן.

דאָס בוללדיקע בילד ווײזט אונדז א טרויעריקן מצב: די שנעלע אויפלײזונג פון ײדישע קהילות אויף דער פּראָווינץ; די פארצווײפלטע מאטעריעלע לאגע אפילו פון דער צענטראַלער קאָנגרעגאַציע אין בודאפעשט; דעם מאַנגל פון ײדישע קולטור־אַקטיוויטעטן; גלײכגילטיקײט מצד דער מערהײט פונעם ײדישן ישוב; און א יונגן דור, וואָס איז אָפּגעפרעמדט פון דעם ײדישן גײסטיקן שורש.

די ײדישע שפּיטאָלן און אינסטיטוציעס פאר סאָציאַלער פארזאָרגונג זײנען נאַציאָנאַליזירט, אחוץ א נעץ מושב־זקנימס, וואָס ווערן אויסגעהאלטן דורך די קאָנגרעגאַציעס און קריגן סובסידיעס פון דער רעגירונג.

## 3. די עקאָנאָמישע לאגע

די רעגירונגס־עקספּערטן פאר פּראָפעסיאָנעלער איבערשיכטונג האָבן שוין מיט 6 יאָר צוריק אָנערקענט, אז די פאַך־אויסבילדונג פון די אונגאַרישע ײדן וועט זיך אָנשטויסן אויף גרויסע שוועריקײטן מחמת זײער אומגינסטיקער עלטער־סטרוקטור. הײנט איז די סיטואַציע נאָך ערגער. לויט די פאראַנענע באַריכטן, זײנען 40,000 פון די 100,000 אונגאַרישע ײדן איבער 60 יאָר אלט. א טײל פון זײ קריגן א נישטיקע פּענסיע פון דער מלוכה, און אנדערע זײנען אָנגעוויזן אויף הילף פון קרובים, פון אויסלאַנד.

עס פעלן סטאַטיסטישע דאַטן מכוח באַשעפטיקונג פון ײדן. עס וועט זײן נישט ווײט פון אמת צו זאָגן, אז אן ערך א העלפט פון זײ זײנען אַרבעטסלאָז. די אַנדער העלפט פון דער ײדישער באַפעלקערונג באַשטײט, דער עיקר, פון לוין־פאַרדינערס. א סך פון זײ זײנען באַשעפטיקט אלס שוואַרצע אַרבעטערס אין אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. די שכירות זײנען קלײנע און קלעקן קוים צו דערהאַלטן די נשמה. כדי צו קאָנען ווי נישט איז דורכצולעבן מוזן אַרבעטן, סײ דער מאַן און סײ די פרוי. א סך געוועזענע אַדוואָקאַטן האָבן פאַרלאָרן זײערע ליצענציעס, אָבער דאָקטוירים זײנען באַשעפטיקט דורך דער מלוכה.

## 4. די פּאָליטישע סיטואַציע

א צאָל פּראָמינענטע קאָמוניסטישע פירערס פון ײדישן אָפּשטאַם זײנען פולשטענדיק באַזײטיקט געוואָרן פון דער סצענע.

דער פאַרהאַסטער שעף פון דער געהײם־פּאָליצײ, וואָס האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן א פּחד, גאַבאָר פּעטער - א געוועזענער שנײדער־האַנטװערקער -, איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף לעבנס־תפיסה. צוזאַמען מיט אים איז דער געוועזענער יוסטיץ־מיניסטער, דזשיולא דעטשי, וועלכער האָט אָרגאַניזירט דעם פּראָצעס קעגן קאַרדינאַל מינדצענטי און גראָעס, פאַראורטײלט געוואָרן אויף 9 יאָר תפיסה; און פּעטערס געוועזענער געהילף, אישטוואַן טימאַר, האָט געקראָגן א שטראָף פון 11 יאָר תפיסה. אלע דרײ זײנען פון ײדישן אָפּשטאַם.

מאַטיאַש ראַקאָשי, אלס מיטגליד פונעם פּאַרטײ־סעקרעטאַריאַט, האָט שטענדיק אָנגעהאַלטן זײן מאַכט, אָבער זײנע נאָענטע מיטאַרבעטערס פון ײדישן אָפּשטאַם זײנען עלימינירט געוואָרן. אָנהײב יולי 1954, איז ערנעסט גערא - א וועטעראַן פונעם שפּאַנישן בירגער־קריג, וואָס בעת דער צווײטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך געפונען אין מאָסקווע און זינט 1945 איז ער געווען דער צווײטער נאָך ראַקאָשי לויט דער מאַכט און השפּעה - באַזײטיקט געוואָרן פון זײן פּאָסטן אלס אינערן־מיניסטער. נאָך פאַר דעם איז יאָזעף רעוואַי, דער פּראָמינענטסטער טעאָרעטיקער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ אין אונגאַרן, וועמען אלע האָבן באַטראַכט ווי דעם „קאָמוניסט נומער דרײ", באַרויבט געוואָרן פון אלע זײנע פונקציעס.

5. <u>די פּאָזיציע פון די דעפּאָרטירטע</u>

ווי שוין פריער געזאָגט, האָבן די דעפּאָרטאציעס זיך אָפּגעשטעלט אין 1953. דער רעזשים האָט דערלויבט, אונטער געווויסע באַדינגונגען, די דעפּאָרטאנטן זיך אומצוקערן צו זייערע היימען. אלס רעזולטאט דערפון זיינען אַן ערך 70% פון די דעפּאָרטירטע, וואָס זייער כוללדיקע צאָל איז געשאצט געוואָרן אויף 95,000 (ידן און קריסטן), באפרייט געוואָרן. אין מיטן 1954 האָבן נאָך א צאָל ידן, ווי מען האָט באַריכטעט, געשמאכט אין זייערע דעפּאָרטאציע־לאגערן, בשעת די איבעריקע האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייערע רעזידענץ־פּלעצער. אָבער א סך פון די לעצטע האָבן נישט געקאָנט געפינען קיין דירות; נאָך מער, פון צייט־צו־צייט זיינען זיי אונטערזוכט געוואָרן דורך די מאכט־אָרגאנען, און אויב זיי האָבן נישט געקאָנט זיך פארזיכערן מיט א וועלכער נישט איז ארבעט, האָט זיי געדראָט די סכנה טראנספּערירט צו ווערן אין אן אינטערנירונגס־לאגער פאר וואגאבונדן.

6. <u>אנטיסעמיטיזם</u>

דער אנטיסעמיטיזם, וואָס האָט געבושעוועט אין לאנד בעת פארשיידענע אנטי־יידישע קאמפּאניעס, איז א ביסל איינגעשטילט געוואָרן. אָבער דער פאַרוואָרצלטער ידן־האס, הגם אונטערדריקט פון דער רעגירונג, איז נאָך אלץ גענוג שטארק.

7. <u>עמיגראציע</u>

אין פארלויף פון 1954־1955 זיינען דערשינען באַריכטן אין דער פּרעסע, אז די אונגארישע אויטאָריטעטן האָבן באַשלאָסן ארויסצוגעבן אן עמיגראציע־דערלויבעניש צו 3,000 ידן - קראנקע און מענטשן איבער 65 יאָר - וואָס האָבן קרובים אין אויסלאנד.

סוף 1954 האָבן צווישן 60 און 70 פּערזאָן פארלאָזן דאָס לאנד. אין די חדשים יאנואר־אויגוסט, 1955, זיינען 180 אונגארישע ידן אָנגעקומען קיין ישראל. אין יוני, 1955, איז באַריכטעט געוואָרן פון מעלבורן, אז קיין אויסטראליע איז אָנגעקומען א גרופּע עלטערע אונגארישע ידן.

די פאָלגנדיקע טאבעלע ווייזט אונדז די כוללדיקע איינוואנדערונג פון אונגארישע ידן קיין ישראל, אנהייבנדיק פון מאי 1948, ביזן סוף 1954:

| | |
|---|---|
| 1948 (פון 15טן מאי ביזן 31סטן דעצ.) . . | 3,463 |
| 1949 . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 6,844 |
| 1950 . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 2,721 |
| 1951 . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 1,273 |
| 1952 . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 218 |
| 1953 . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 224 |
| 1954 . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 55 |

---------
---

# ר ו מ ע נ י ע

## א. הקדמה

די צאָל ייִדן אין רומעניע ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט באַטראָפן, ווי מען דאַרף אָננעמען, אַן ערך 750,000 נפשות, הגם עס זיינען געווען אויך העכערע שאַצונגען. די דאָזיקע ציפער שטיצט זיך אויף דעם צענזוס פון 1930, וואָס האָט אָנגעגעבן 756,930 ייִדן, און אויף דעם פאַקט אַז די ציילונג פון 1941 (וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן נאָך דעם ווי בעסאַראַביע און צפון־בוקאָווינע זיינען אריבער צום ראַטן־פאַרבאַנד, און צפון־טראַנסילוואַניע צו אונגאַרן) האָט געוויזן אַ פאַרקלענערונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין די מערסטע רעגיאָנען, אין פאַרגלייך מיט דעם צענזוס פון 1930.

אין 1940 האָט רומעניע, אונטערן דייטשן דרוק, אָפּגעטראָטן צפון־טראַנסילוואַניע צו אונגאַרן; און בעסאַראַביע מיט צפון־בוקאָווינע — צום ראַטן־פאַרבאַנד. די לעצטע צוויי פּראָווינצן האָט רומעניע צוריקבאַקומען נאָך דעם דייטשן אָנפאַל אויף רוסלאַנד אין 1941, אָבער זי האָט זיי ווידער פאַרלאָרן נאָך איר מפּלה. נאָר אין דער זעלבער צייט האָט רומעניע צוריקגעקראָגן פון אונגאַרן צפון־טראַנסילוואַניע.

אין פאַרלויף פון דער מלחמה איז דאָס רומענישע ייִדנטום אויסגעשטעלט געוואָרן אויף פּאָגראָמען, דיסקרימינאַציע, קאָנפיסקירונג פון אייגנטום און, ספּעציעל אין די געביטן מחוץ דעם אַלטן קעניגרייך, אויף דעפּאָרטאַציעס און שחיטות. בלויז עפּעס מער פון אַ העלפט פון רומענישן ישוב האָט איבערגעלעבט די גזירות. די לאָקאַלע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געשאַצט די צאָל לעבן־געבליבענע ייִדן אויף 428,000 נפשות. אין דעם זיינען אריין דער רוב־מנין פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אינעם אַלטן קעניגרייך; אַרום 40,000 צוריקגעקומענע צווישן די דעפּאָרטירטע פון צפון־טראַנסילוואַניע; און אַ וואָסערע 50,000 פון די בעסאַראַבער און צפון־בוקאָווינער ייִדן.

## ב. פּעריאָד פון רעקאָנסטרוקציע

נישט געקוקט אויף זייערע שוידערלעכע איבערלעבונגען בעת דער מלחמה, האָבן די רומענישע ייִדן זיך גענומען מיט אויסערגעוויינלעכן ברען און ענערגיע צו דער רעהאַביליטאַציע־אַרבעט אויפן עקאָנאָמישן און קולטור־געביט.

זיי האָבן שנעל צוריק אויפגעשטעלט זייערע רעליגיעזע אינסטיטוציעס; 114 גרעסערע קהילות האָבן ווידער אויפגענומען זייערע אַקטיוויטעטן. די לײדיקע שטעלעס פון די פאַרפייניקטע רבנים זיינען צוריק באַזעצט געוואָרן. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך זייער פּאָליטישער אינסטרומענט — די "ייִדישע פּאַרטיי" — האָבן אין אַ שנעלן טעמפּאָ ווידער געעפנט זייערע ביוראָען. די „אוניונעא עווריילאָר ראָמין" (פאַרבאַנד פון רומענישע ייִדן) איז ווידער אויפגעלעבט געוואָרן, מיט ד"ר ווילי‎אַם פילדערמאַן בראָש, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע במשך פון 30 יאָר אין קאַמף פאַר ייִדישע רעכט. עס האָבן זיך געגרינדעט צוויי נייע ייִדישע קערפּערשאַפטן: די פעדעראַציע פון ייִדישע רעליגיעזע קהילות, אונטער דער פירערשאַפט פונעם נייעם רב־הכולל ד"ר אַלבסנדר שאַפראַן, און ד"ר פילדערמאַן; און דער „קאָמיטעטול דעמאָקראַטיק עווריילאָר" (דער ייִדישער דעמאָקראַטישער קאָמיטעט) — אַ לינקע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געהאַט צו שפּילן אַזאַ גורלדיקע ראָלע אין די אָנקומענדיקע יאָרן. אין נאָוועמבער 1944 האָט זיך געשאַפן די רומענישע סעקציע פונעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס, וועלכע האָט, צווישן אַנדערן, אַרויסגעגעבן

פובליקאציעס פון א דויערהאפטן ווערט. דער אמעריקאנער דזשוינט, „אזע" און „ארט" האבן געעפנט זייערע ביוראען און האבן געגעבן זייער הילף פאר דער רעהאביליטאציע פונעם רומענישן ידנטום.

א נעץ פון שולן, וואס האט ארומגענומען איבער 200 אנשטאלטן, איז צוריק עטאבלירט געווארן. די תרבות-שול-סיסטעם האט גענומען שנעל וואקסן. עס האבן אנגעהויבן ארויסצוגיין 16 ידישע וואכנשריפטן און אנדערע פעריאדישע פובליקאציעס (14 אין רומעניש, 1 אין ידיש, און 1 אין אונגאריש); און עס זיינען געגרינדעט געווארן ביבליאטעקן און לייען-זאלן.

מען האט ווידער געעפנט די ידישע צדקה-אינסטיטוציעס. דער גרעסטער שפיטאל אין בוקארעשט, „קאריטאס נאווא", וואס איז צעראבירט געווארן פון די פאשיסטן, האט זיך ווידער איינגעשאפט אלע נייטיקע מעדיצינישע אויסשטאטונגען מיט דער ידישער הילף פון אמעריקע. בעת דער העכסטער מדרגה פון רעהאביליטאציע האבן עקזיסטירט 18 ידישע שפיטאלן, 3 קימפעט-שפיטאלן, 30 קליניקעס, 6 דענטיסטישע קליניקעס, 1 פאליקליניק, און 27 מושב-זקנים'ס.

וואס שייך דעם עקאנאמישן געביט, איז נישט געקוקט אויף אלע חסרונות פונעם רעסטיטוציע-געזעץ, האבן ידן צוריקבאקומען דעם גרעסטן טייל פון זייער פארלארענעם פארמעגן, איינגנטום-רעכט, פאסטנס, מיטן אויסנאם פונעם לאנד-באזיץ.

די ערשטע יארן נאך דער באפרייונג האבן זיך אויסגעצייכנט מיט א שטארקן עקאנאמישן אויפברויז. דאס מלחמה-פארוויסטע לאנד איז געווען אויסגעהונגערט נאך כלערליי סחורות. צו דעם איז נאך צוגעקומען די ווילדע אינפלאציע-ספיראל, וואס האט געשאפן א פיבערהאפטע צירקולאציע פון פארשיידענע מינים אויסארבעטונגען. די ידן האבן גענומען א שטארקן אנטייל אין דער רעהאביליטאציע פון דער עקאנאמישער ווירטשאפט אין לאנד, וועלכע האט זיך אפגעשפיגלט, צווישן אנדערן, אין דעם פאקט, אז בלויז אין איין יאר - 1946 - זיינען אנטשטאנען 2,017 נייע אונטערנעמונגען, מערער ווי במשך פון צוויי צענדליק יאר, צווישן 1921 און 1940.

אויף דער אנדערער זייט פונעם באלאנס-בויגן מוז באטאנט ווערן דער פאקט, אז די ידישע מאסן זיינען אויסגעווארצלט געווארן פון זייערע פריערדיקע עקאנאמישע פאזיציעס, באזונדערס די געוועזענע איינוואוינערס פון די שטעטלעך און דערפער, וואס זיינען נישט געווען ביכולת אהין צוריקצוקערן זיך. עס איז אויך גרויס געווען די צאל אזעלכע, וואס זיינען נישט געווען אים שטאנד זיך ווידער צו שטעלן אויף די פיס מחמת א דוחק פון מיטלען; דערנאך די אלטע און די אינוואלידן, וואס זיינען פארקריפלט געווארן אין די קאנצענטראציע-לאגערן אויפן גאנצן לעבן. סומירנדיק די לאגע אין קיילעכדיקע ציפער, קאן מען זאגן אז ארום א דריט-חלק פון דער ידישער באפעלקערונג איז געווען ביכולת זיך עקאנאמיש צו רעהאביליטירן, און די אנדערע צוויי דריטל איז אויסגעקומען שווער צו ראנגלען זיך, כדי ווי נישט איז צו דערהאלטן די נשמה.

אחוץ דעם האט אויך געהאט א ווירקונג די רעאקציע אויף די ביטערע איבערלעבונגען בעת דעם פאשיסטישן פעריאד. א גרויסער טייל ידן זיינען געווען אנטשלאסן צו פארלאזן די בלוטיקע סצענע פון שחיטות און דערנידעריקונגען. אלס רעזולטאט דערפון, האט די ציוניסטישע באוועגונג - וועלכע איז אלע מאל געווען פאפולער אין לאנד - ממש באהערשט די ידישע מאסן. יעדער איינציקע פון די פארשיידענע פארטייען האט געשאפן אירע אייגענע ארגאניזאציעס; וועכנטלעכע ארגאנען, בראשורן, לעקציע-קורסן האבן פארשפרייט זייער לערע איבערן גאנצן לאנד. עס זיינען געגרינדעט געווארן 11 הכשרה-פונקטן, וואו עס האבן זיך געגרייט צו דער עליה 4,000 חלוצים.

אַט די אַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין א כּוללדיקער ציוניסטישער לאַנד־פעדעראַציע, מיט א. ל. זיסו אַלס דעם ערשטן פּרעזידענט, און אין דעצעמבער 1944 האָט דעם דאָזיקן אַמט איבערגענומען ד״ר ב. ראָהרלינג.

די כּוללדיקע מיטגלידערשאַפט פון די ציוניסטישע גרופּעס איז געשאַצט געוואָרן אויף 108,000 פּערזאָן: אַרום 15,000 האָבן געהערט צו די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס; א וואָסערע 39,000 האָבן זיך געפונען אין די ריי׳ען פון די פּועלי־ציוניסטישע גרופּעס; אַן ערך 50,000 – אין דער אַלגעמיין־ציוניסטישער באַוועגונג; און 4,000 – ווי שוין דערמאָנט – אין די הכשרות.

ג. די ענדערונג

1. די פּאָליטישע סיטואַציע

די נאָר וואָס געשילדערטע לאַגע האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. דער ערשטער נאָכמלחמהדיקער קאַבינעט האָט איינגעשלאָסן אין זיין באַשטאַנד האַלב־פאַשיסטישע עלעמענטן: גענעראַל ניקאָלאַי ראַדעסקו, דער פּרעמיער־מיניסטער, און געאָרגע טאַטאַרעסקו, דער אויסערן־מיניסטער, זיינען געווען טרויעריק־באַרימטע אַנטיסעמיטן. דעם 6טן מערץ 1945, האָט ד״ר פּעטרו גראָזאַ געשאַפן א קאָאַליציע־קאַבינעט. ביז צו יענער צייט איז ער געווען אַן איבערצייגטער און אויסגעפּראַוועטער ליבעראַל, אָבער שפּעטער האָט ער זיך פאַרוואַנדלט אין א געהאָרכזאַמער מאַריאָנעטקע פון מאָסקווע.

גאָר שנעל איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געוואָרן דער דאָמינירנדיקער פאַקטאָר אויף דער פּאָליטישער סצענע אין רומעניע. אין יולי 1947 האָבן די קאָמוניסטן ליקווידירט די פּויערים־פּאַרטיי און אַריינגעזעצט אירע פירערס אין תפיסה. אין נאָוועמבער פון זעלבן יאָר האָבן זיי צעשמעטערט די פּאַרטיי פון די „ליבעראַלן״ און האָבן אַרויסגעשטויסן זייער רעפּרעזענטאַנט, ג. טאַטאַרעסקו, פונעם קאַבינעט.

די זעלבע טעכניק איז אָנגעווענדט געוואָרן אויך אויף דער יידישער אַרענע, וואו דער „יידישער דעמאָקראַטישער קאָמיטעט״ האָט געשפּילט די ראָלע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דער דאָזיקער קאָמיטעט, געגרינדעט פון משה זעלצער־סאַראַטעאַנו, איז באַשטאַנען פון עלעמענטן פון לינקן פליגל און פון עקסטרעם־לינקע ציוניסטן, און האָט נישט געהאַט קיין וואָרצלען אינעם יידישן לעבן. דורך טעראָר־מעטאָדן האָבן זיי געצוואונגען ד״ר פילדערמאַן צו רעזיגנירן אַלס פּרעזידענט פונעם פאַרבאַנד פון רומעניש׳ע יידן (24סטן נאָוועמבער, 1947), וועלכער איז דערנאָך אויפגעלייזט געוואָרן. די „יידישע פּאַרטיי״, וואָס פלעגט דערוויילן צוויי דעפּוטאַטן צום פּאַרלאַמענט, האָט באַשלאָסן זיך „פרייוויליק״ צו ליקווידירן. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון די ציוניסטישע קערפּערשאַפטן. אָבער דאָ האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף א פעסטן ווידערשטאַנד. קודם כל איז דער קאָמיטעט געקומען מיט דעם מאַנעוור צו באַטייליקן זיך אין די פונדאַמענטאַלע פונקציעס פון דער ציוניסטישער אַדמיניסטראַציע פון דער עליה און ארץ־ישראל־אַפּיל. דערנאָך האָבן זיי געמאַכט א פראָנט־אַטאַקע. דעם סיגנאַל פאַר דעם האָט געגעבן דער סעקרעטאַריאַט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט סוף 1948 געשטעמפּלט דעם ציוניזם אַלס א רעאַקציאָנערע באַוועגונג. „ציוניזם – האָט דערקלערט די קאָמוניסטישע רעזאָלוציע – מיט אַלע זיינע אָפּצווייגן איז א רעאַקציאָנערע ריכטונג... זיי האָבן בלאָקירט דעם וועג פאַר יעדער באַמיונג צו אינטעגרירן די יידישע מאַסן אין פּראָדוקטיווע אַקטיוויטעטן״.

דער „ייִדישער דעמאָקראַטישער קאָמיטעט" האָט זיך גענומען צום עסק. ראשית כל, האָבן די קאָמוניסטן באַזייטיקט פֿונעם ייִד"ק די ציוניסטן, אַרײַנגערעכנט די עקסטרעם־לינקע עלעמענטן. דאַן האָבן זיי אויסגעקליבן, אין די פּערזאָנען פֿון בערקו פֿעלדמאַן און הערש שערבאַן־בערקאָוויטש, אַן „אַקטיוויסטישע", ד"ה, אַ ברוטאַל־פֿאַרביסענע פּירערשאַפֿט. זיי האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין די ביוראָען פֿון דער ציוניסטישער פֿעדעראַציע אין בוקאַרעשט, צעשמעטערנדיק די מעבל און מאַכנדיק אַ חל פֿון די אויסשטאַטונגען. די ציוניסטן זײַנען זיך צונויפֿגעלאָפֿן צו די ביוראָען און געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט טראַגישע סצענעס, ווען ייִדן האָבן זיך געשלאָגן און געמימחט אײַנער דעם אַנדערן. דער קאַמף האָט געדויערט אַ וואָך צײַט. ענדלעך איז געשען דאָס אומפֿאַרמײַדלעכע. דעם 23סטן דעצעמבער, 1948, האָבן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אָפּגעשטעלט זייערע אַקטיוויטעטן. קורץ נאָך דעם האָט מען ליקווידירט די הכשרה־פּונקטן, און די חלוצים זײַנען פֿונאַנדערגעשיקט געוואָרן.

אויף די חורבות פֿון די צעשטערטע ייִדישע קערפּערשאַפֿטן איז דער „ייִדישער דעמאָקראַטישער קאָמיטעט" געוואָרן די אײנציקע ייִדישע אָרגאַניזאַציע אין רומעניע. די פֿעדעראַציע פֿון די ייִדישע קהילות איז נאָך טאָלערירט געוואָרן. נאָכן אַוועקפֿאָרן פֿונעם גרויסן למדן, הרב הכולל אַלכּסנדר שאַפֿראַן, איז אַ קאָמוניסט – ד"ר משה ראָזען – באַשטימט געוואָרן אַלס זײַן נאָכפֿאָלגער און ראש פֿון דער פֿעדעראַציע.

די צעשטערונג פֿון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָט אָבער נישט אָפּגעשטעלט די באַוועגונג. פֿאַרקערט, די עקאָנאָמישע פֿאַקטאָרן פֿון דער נײַער „תקופֿה" און זייערע פּאָליטישע קאָנסעקווענצן האָבן נאָך מער פֿאַרשטאַרקט דעם אימפּעט אויסצוּוואַנדערן קיין ישׂראל.

פּאַראַלעל מיט דעם, ווי עס איז געוואַקסן דער קלעם פֿונעם קאָמוניסטישן קאָנטראָל איבערן לאַנד, זײַנען די עקאָנאָמישע מאָסמיטלען געוואָרן נאָך שאַרפֿער. זומער 1947 האָט דער רעזשים סטאַביליזירט די וואַלוטע און האָט זיך גענומען צו דער מאַסן־עקספּראָפּריאַציע פֿון געשעפֿטן און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. דורך בסדרדיקע שיקאַנעס מצד די מאַכט־אָרגאַנען, דורך אַרײַנזעצן די אײַגנטימערס אין תפֿיסה לויט אויסגעטראַכטע באַשולדיקונגען, און דורך שטערן די נאָרמאַלע האַנדלס־אַקטיוויטעטן איז געשאַפֿן געוואָרן אַ לאַגע, פֿון וועלכער דער אײנציקער אויסגאַנג איז געווען איבערצוגעבן די אונטערנעמונג דער מלוכה. אַזוי אַרום האָבן אַ סך ייִדן פֿאַרלאָרן זייערע מעגלעכקייטן צו פֿאַרדינען אויפֿן לעבן און די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, וואָס זיי גופֿא האָבן אויסגעבויט.

די פּראָדוקציע אין די נאַציאָנאַליזירטע פֿאַבריקן איז שטאַרק געפֿאַלן נאָכן אַריבערגײן צו דער מלוכה. דאָס זעלבע איז געשען אין די קאָלעקטיוויזירטע לאַנדווירטשאַפֿטן, און דער עלנט פֿון דער באַפֿעלקערונג האָט געהאַלטן אין שטײַגן.

די ייִדן זײַנען געוואָרן דער שעיר לעזאזל פֿאַר דער רומענישער באַפֿעלקערונג, און מען האָט זיי באַשולדיקט אין אַלע אומגליקן, ספּעציעל נאָך דעם ווי אַנאַ פּאַוקער האָט דערגרײכט אַ פּאָזיציע פֿון הויכער פּירערשאַפֿט און השפּעה.

די ייִדישע מאַסן, באַרויבט פֿון אַלע מיטלען צו קאָנען פֿאַרדינען אויף דער חיונה, האָבן זיך געפֿונען אַרומגערינגלט מיט אַן אַטמאָספֿער פֿון גיפֿטיקן האַס. קלאַנגען וועגן פּאָגראָמען האָבן צירקולירט איבערן לאַנד, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־געלויף איבער די גרענעצן. עס זײַנען פֿאָרגעקומען טראַגישע אינצידענטן: אומגעווייסנהאַפֿטע שאַרלאַטאַנעס פֿלעגן פֿאַרפֿירן די ייִדן בײַ די גרענעצן, באַראַבעווען זיי, און זיך איזדיעקעווען

איבער די אומגליקלעכע 19 פערזאָן, מערסטנס ייִדן, זײַנען דערשאָסן געוואָרן בײַם אריבערגײן די גרענעץ.

עס האָט גענומען חדשים, ביז וואנען די קאָנטער־פּראָפּאגאנדע מצד דעם „ייִדישן דעמאָקראטישן קאָמיטעט" און די דראסטישע רעגירונגס־מיטלען האָבן געמאכט א סוף צו דער יציאת־כוואַליע. די צאָל ייִדן, וואָס האָבן פארלאָזן דאָס לאנד ביזן סוף 1947 איז געשאצט געוואָרן אויף 37,000 נפשות.

## 2. איבערשיכטונג און עמיגראציע

די בלאָקירונג פונעם דראנג נאָך אויסוואנדערונג האָט נישט געלייזט די שווערע פּראָבלעמען פון די בארויבטע און דעקלאסירטע מאסן.

פארקערט, מיט דער עקספּאנסיע פון דער נאציאָנאליזירונגס־פּראָגראם (דירעקטע קאָנפיסקאציע און, אין 1950, נאציאָנאליזירונג פון הײַזער) איז די לאגע געוואָרן נאָך אומדערטרעגלעכער.

לויט די שאצונגען פון וואויל־אינפאָרמירטע רומעניש־ייִדישע קוואלן, האָט די צאָל ארויסגעשטויסענע פון די פּראָדוקטיוועווירטשאפט־פּראָצעסן באטראָפן 50,000 ייִדן. זיי זײַנען געוואָרן אָנגעוויזן אויף עפנטלעכער שטיצע, אומאָפּהענגיקייט פון זייער פריערדיקן עקאָנאָמישן סטאטוס.

ווי אין די אנדערע סאטעליטן־לענדער, איז די „קאָמוניסטישע תרופה פאר אָט דער פארצווייפלטער לאגע געווען „איבערשיכטונג". אָבער אויסער ווערטער איז קיין זאך אין דעם פרט נישט אויפגעטאָן געוואָרן.

בערקו פעלדמאן אליין האָט זיך מודה געווען אינעם פולשטענדיקן דורכפאל פונעם דאָזיקן פּלאן: „וואָס שייך דער פאך־איבערשיכטונג – האָט ער דערקלערט אויף דעם צוזאמענפאָר פון דעם ייד"ק אין 1949 – האָבן מיר נישט געפונען, אין אלגעמיין גערעדט, די בעסטע מעטאָדן..." אין א וואָרשעווער ייִדישער ראַדיאָ־אוידיציע, פון לעצטן סעפּטעמבער, איז אָנגעגעבן געוואָרן, אז 40,000 ייִדן זײַנען „אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער פּראָדוקציע" במשך פון די לעצטע עטלעכע יאָר.

אויסוואנדערונג קיין ישראל איז געבליבן די לעצטע האָפענונג פאר די קרבנות פונעם רעזשים. מיטן אויפקום פון מדינת ישראל האָט אן אמתער פיבער ארומגעכאפּט די ייִדן אין רומעניע. איבערן לאנד האָבן זיך פארשפּרייט פאלשע קלאנגען וועגן עליה־מעגלעכקייטן, וואָס האָבן גורם געווען אז אין געוויסע פאלן פלעגן טויזנטער ייִדן אָנקומען קיין בוקארעשט נאָך וויזעס, וואו זיי האָט דערווארט א ביטערע אנטוישונג פון צערונענע האָפענונגען.

די ערשטע נאָכמלחמה־יאָרן האָבן די 20,000 ייִדישע פליטים פון אויסלאנד, וואָס האָבן געפונען א מקום מקלט אין רומעניע בעת דער מלחמה, פארלאָזן דאָס לאנד אָן שוועריקייטן. דער מאסן־געלויף פון 1948-47 האָט ארומגענומען צענדליקער טויזנטער רומענישע ייִדן, וואָס האָבן זיך אריבערגעכאפּט איבער די גרענעצן. נאָך דעם האָט די אויסוואנדערונג געטראָגן אן אומרעגלמעסיקן כאראקטער. לויט דעם ווי עס האָט געשריבן דער „קריסטשען סייענס מאָניטאָר", פון 25סטן יאנואר 1951, איז בנוגע דער דאָזיקער פּראָבלעם „פאראן א ריס אין דער קאָמוניסטישער פארטיי. אײניקע פון די קאָמוניסטן האלטן פאר צוועקמעסיק פּטור צו ווערן פון די דעקלאסירטע עלעמענטן. אנדערע, ווי ב. פעלדמאן, האָבן מורא פאר דער מעגלעכער ירידה פון זייער מאכט, ביבאַלד די צאָל רומענישע ייִדן וועט פארקלענערט ווערן".

די צווייטע שטעלונג ווערט באשטעטיקט דורך דעם פאקט, וואס דער יד"ק האט כסדר זיך באנוצט מיט א שארפן דרוק, בדי אפצווענדן ייִדן פון אויסוואנדערונג. דער דאזיקער קאמיטעט - ווי מען האט איבערגעגעבן - האט פארשפרייט געפעלשטע דאקומענטן אין נאמען פון יענע, וואס האבן זיך געווענדט נאך וויזעס קיין ישראל, אז זיי ציען צוריק זייערע אפליקאציעס.

3. אנטי־ציוניסטישע אקציע

אנשטאט צו העלפן די אויסגעווארצלטע שיכטן און דערמיט באזייטיקן דעם שורש פון אלדאס ב"ז, האט דער רעזשים דערדריקט די סימפטאמען פון דעם מצב און באשולדיקט די ציוניסטישע פירערס פאר דעם אויסוואנדערונגספסיכאז, וואס די הערטער אליין האבן געשאפן.

עס האט זיך אנגעהויבן א גיפטיקע אנטי־ציוניסטישע קאמפאניע. בערקו פעלדמאן האט זי געלאזט אין גאנג מיט פלאמיקע העצערישע רעדעס ביי די קאנפערענצן פון יד"ק (48-1949). די נאך פארבליבענע דריי ייִדישע וואכנשריפטן אין רומעניע האבן זיך אנגעשלאסן אין די וויסטע אטאקעס אויף דער „פארמארשאליזירטער ישראל־רעגירונג". זיי זיינען דערגאנגען אזוי ווייט, אז זיי האבן אפגעדרוקט בילדער פון קליינע ייִדישע קינדער אין ישראל, וואס ווערן פארקויפט אלס שקלאפן צו די ישראל־קאפיטאליסטן. דער קאמיטעט האט געעפנט אין בוקארעשט, דעם 22סטן יולי 1950, אן אנטי־ישראל־אויסשטעלונג, צו באווייזן דעם דלות און נויט פון די עולים אין דער ייִדישער מדינה.

בערקו פעלדמאן האט געגעבן זיינע „אקטיוויסטן" די אויפגאבע צו דעמאסקירן די ציוניסטישע „אגיטאטארן", ד"ה, מסרן זיי פאר די מאכט־ארגאנען.

עס איז אנגעקומען א פעריאד פון אנטי־ציוניסטישן טעראר.

דער קלאפ איז געקומען דעם 18טן אויגוסט 1951, ווען מען האט ארעסטירט א גרויסע גרופע ציוניסטישע עסקנים. במשך פון צוויי יאר האבן די קרובים קיין ווארט נישט געקראגן וועגן זייער גורל. אין אויגוסט 1953 זיינען די ארעסטירטע געשטעלט געווארן צו א משפט פאר א מיליטערישן געריכט אין בוקארעשט, מיט אלעקסאנדער פעטרעסקו - א געוועזענעם פאשיסט - אלס פראקורור. די באשולדיקונגען האבן איינגעשלאסן סאבאטאזש, שפיאנאזש, און הויך־פארראט. די אנגעקלאגטע, פראמינענטע ציוניסטן־רעוויזיאניסטן, זיינען פארמשפט געווארן צו תפיסה־טערמינען פון 10 ביז 16 יאר.

דער צווייטער פראצעס איז פארגעקומען דעם זעלבן יאר אין נאוועמבער. יעקב ליטמאן און פרוי שושנה בענהעניסטי, געוועזענע פירערס פון דער סעקציע פון ייִדישן וועלט־קאנגרעס אין בוקארעשט, האבן באקומען שטראפן פון 15 און 10 יאר תפיסה, אין דעם אנגעגעבענעם סדר. זייער טענה, אז זייערע אקטיוויטעטן זיינען געווען פולשטענדיק לעגאל צו יענער צייט, און אז די ייִדישע קאמוניסטישע פירערס (בערקו פעלדמאן, ה. שערבאן־בערקאוויטש, ד"ר מ. ראזען) זיינען אליין געווען דעלעגאטן צו דער צווייטער פלענארער אסאמבלעע פונעם ייִדישן וועלט־קאנגרעס אין מאנטרע, איז איגנארירט געווארן.

מיט פינף חדשים שפעטער, אין מערץ 1954, זיינען געמשפט געווארן 22 מיטגלידער פון השומר־הצעיר. זייער פירער, אביר מארק, האט אין ווירדיקע ווערטער געלייקנט וועלכע נישט איז שולד. ער און עטלעכע אנדערע זיינען פאראורטיילט געווארן צו 20 יאר תפיסה. די איבעריקע זיינען אפגעקומען מיט לייכטערע שטראפן.

נײַע אַרעסטן האָבן נאָכגעפֿאָלגט אין מאי און יוני 1954. א. ל. זיסו, דער אַלטער געוועזענער לאַנד־פּרעזידענט פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און זײַן נאָכפֿאָלגער, מישו בענוועניסטי, האָבן געקראָגן לעבנס־תּפֿיסה. זשאַן קאָהען, פּרוי מעלאַ יאַנקו, געוועזענע פּרעזידענטין פֿון „ויצאָ", און מאַצי מאָסקאָוויטש זײַנען פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף 20 יאָר תּפֿיסה. באַאַמטע פֿון דער ישׂראל־לעגאַציע, אַרײַנגערעכנט דעם וועכטער (גערדער), האָבן אויך באַקומען שווערע תּפֿיסה־טערמינען.

כּדי צו דיסקרעדיטירן די ציוניסטישע עסקנים, האָט די רומענישע רעגירונג אַפּעלירט צו די רומענישע ייִדן אין ישׂראל, זײ זאָלן זיך אומקערן קײן רומעניע. בהוספה צו פֿרײַער טראַנספּאָרטאַציע, האָט מען זײ צוגעזאָגט אַ סובסידיע פֿון אַן ערך 200 דאָלאַר פֿאַר יעדן צוריקגעקומענעם. פֿון די באַדײַטנד העכער 100,000 רומענישע ייִדן אין ישׂראל האָבן 288 זיך געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענדקע. נאָך זײער אָנקומען האָט מען זײ געצוווּנגען אויפֿצוטרעטן אַלס עדות פֿאַר דער באַשולדיקונג בײַ די פּראָצעסן. זײ האָבן אויך געמוזט איבערגעבן דורך דער ראַדיאָ פֿאַרלוימדישע באַריכטן וועגן לעבן אין ישׂראל. אײנער פֿון די דאָזיקע אומגליקלעכע – האָט מען דערצײלט – איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, בכּדי נישט צו זײַן קײן פֿאַררעטער.

די לאַנגע סעריע פֿון אָט די חוזק־פּראָצעסן האָט אויפֿגערודערט די עפֿנטלעכע מײנונג פֿון דער פֿרײַער וועלט. עס האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ שטורעם פֿון פּראָטעסטן. משה שרת, דער ישׂראל־פּרעמיער, אין דער כּנסת; פּרעזידענט אײַזענהאַוער אין זײַן בריוו צום אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס; אַנטאָני נאַטינג, אונטער־סעקרעטאַר פֿאַר אויסערלעכע ענינים, אין דעם בריטישן פּאַרלאַמענט – האָבן פֿאַרדאַמט מיט די שטאַרקסטע ווערטער די דאָזיקע פֿאַרלעצונגען פֿון מענטשנרעכט. אויף דעם זעלבן גרונט האָט דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס, אין אַ מעמאָראַנדום צום יו־ען עקאָנאָמישן און סאָציאַלן ראַט, געזוכט צו בלאָקירן רומעניעס אַרײַנטריט אין דער יונעסקאָ. דעם 23סטן מאי 1954 האָבן צענדליקער רומענישע ייִדן אין ישׂראל אָנגעהויבן אַ הונגער־סטרײַק אין פּראָטעסט קעגן די רומענישע אכזריות־אַקטן. די גרויסע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס איבער דער גאָרער וועלט האָבן דורכגעפֿירט מאַסן־מיטינגען, פֿאַרדאַמענדיק די רומענישע האַנדלונג.

די דאָזיקע שריט זײַנען נישט געבליבן אָן אַ ווירקונג. צוערשט איז געלאָזט געוואָרן אין גאַנג אַ רײנוואַשונגס־קאַמפּאַניע. דער „ייִדישער דעמאָקראַטישער קאָמיטעט" האָט אויף אַ מאַסן־מיטינג אין בוקאַרעשט (דעם 23סטן מאי 1954) געזוכט צו באַרעכטיקן די פּראָצעסן, אַרויסקומענדיק מיט ביטערע אַטאַקעס קעגן דעם „פֿאַשיסטישן רעזשים אין ישׂראל". אין יולי 1954 האָט דער קאָמוניסטישער רבֿ הכּולל פֿון רומעניע אַרויסגעלאָזן אַ רוף צו די ייִדן אין אויסלאַנד, זײ זאָלן איגנאָרירן די „פֿאַרלוימדונגס־פּראָפּאַגאַנדע קעגן זײַן לאַנד"; און ער האָט געגעבן אַ שילדערונג פֿון אַ בליענדיק ייִדיש לעבן מיט אַ ברײטער צאָל אינסטיטוציעס אין רומעניע.

אויך די רומענישע רעגירונג האָט אַרויסגעוויזן געוויסע זשעסטן פֿון מעסיקײט. דער בוקאַרעשטער אָרגאַן „אַדעווירול", פֿון 4טן יוני 1954, האָט באַריכטעט וועגן דער גרינדונג פֿון אַ קאָמיטעט, מיטן צוועק אָנצווענדן אַ קורץ פֿאַר דעם אָנגענומענעם אַמנעסטיע־דעקרעט צו באַפֿרײַען אַזעלכע, וואָס זײערע אורטײלן האָבן באַטראָפֿן אונטער פֿיר יאָר תּפֿיסה; אָדער יענע, וואָס זײַנען שוין אָפּגעזעסן אַ טײל פֿון זײער שטראָף, אַזוי אַז עס איז זײ פֿאַרבליבן ווײניקער פֿון פֿיר יאָר.

אָנהײב יולי, 1954, זײַנען באַפֿרײַט געוואָרן זעקס ייִדישע פֿירערס, און פֿאַר זשאַן ליטמאַן און פּרוי ש. בענוועניסטי איז באַשטימט געוואָרן אַ נײַער געריכט־פּראָצעס. דעם זעלבן חודש האָט מען באַריכטעט וועגן דער באַפֿרײַונג פֿון אַנדערע ייִדישע עסקנים; און אין אויגוסט האָט מען איבערגעגעבן וועגן

ארױסלאָזן אױף דער פרײ 19 ציוניסטן. אָבער, װי מען האָט אינפאָרמירט, זײנען 200 ײדישע טוערס נאָך אלץ פארבליבן אין די תפיסות.

אין מערץ 1955 האָט דער העכסטער געריכט בטול געמאכט אורטײלן, װאָס זײנען ארױסגעטראָגן געװאָרן קעגן 60 רומעניש ציוניסטן אין פארלױף פון דעם פריערדיקן יאָר, און האָט פאראָרדנט א נײעם משפט.

אין יולי 1955 האָבן די רומענישע מאכט-אָרגאנען באפרײט מארק אביר, דעם יוגנט-פירער פון די לינקע ציוניסטן, װעלכער - װי שױן פריער דערמאָנט - איז ארעסטירט געװאָרן אין 1949, געמשפט געװאָרן אין 1954, און פאראורטײלט געװאָרן אױף 20 יאָר תפיסה אױף דער אָנקלאגע, אז ער האָט אָרגאניזירט די אומלעגאלע עמיגראציע קײן ישראל. בײם נײעם פראָצעס איז דער אורטײל רעדוצירט געװאָרן צו פיר יאָר.

אין אױגוסט 1955 האָבן די רומענישע אױטאָריטעטן געמאָלדן, אז אלס רעזולטאט פון אן אפעלאציע צום העכסטן געריכט, זײנען 31 ציוניסטישע עסקנים באפרײט געװאָרן אױפן סמך פון אראָפּנעמען די שולד, אָדער דורך רעדוצירן די שטראָפן. אָבער לױט דער רומענישער צײטונג פון תל-אביב „װיאצא נאָאסטרא", האָבן זיך נאָך געפונען אין תפיסה א. ל. זיסו, מישו בענװעניסטי, זשאן קאָהען, װי אױך א גרופע רעװיזיאָניסטן מיט עדגאר קאמער בראש, נישט געקוקט אױף פריערדיקע ידיעות װעגן דער באפרײונג פון בענװעניסטי און קאָהען. בלױז שפעטער זײנען זײ ארױס אױף דער פרײ.

עס זײנען דערגאנגען באריכטן, אז מען װעט דערלױבן די באפרײטע ציוניסטן צו עמיגרירן קײן ישראל.

4. <u>דעפאָרטאציעס</u>

די פראָצעסן קעגן די ציוניסטישע פירערס האָבן ארױפגעװאָרפן א פחד אױף דעם ײדישן ישוב אין רומעניע. די באשולדיקונגען האָבן זיך געשטיצט אױף ציוניסטישע אקטיװיטעטן, װעלכע זײנען געשטעמפלט געװאָרן אלס סובװערסיװע און פארברעכערישע. די לעגאליטעט פון די דאָזיקע טעטיקײטן אין דער צײט, װען זײ זײנען פאקטיש דורכגעפירט געװאָרן, האָט קײן שום אײנדרוק נישט געמאכט אױף די ריכטערס. אזױ ארום איז יעדער ײד, װאָס האָט באזוכט ציוניסטישע מיטינגען, בײגעטראָגן געלט פאר דער ציוניסטישער זאך, אָדער אפילו בלױז געהאַט א קרן-קימת-פושקע בײ זיך אין דער הײם, געװאָרן א פאָטענציעלער באשולדיקטער.

פאראלעל מיט די דאָזיקע אקציעס, האָבן דעפאָרטאציעס נאָך פינצטערער געמאכט די לאגע. מיטגלידער פון דער געװעזענער גרױס- אָדער קלײן-בורזשואזיע זײנען ארױסגעװאָרפן געװאָרן פון זײערע דירות, און מען האָט זײ באזעצט, אָן זײערע אײגנטומס, אין דאָרפישע געגנטן. אין אײנקלאנג מיט דער ליניע פון געהײם-פּאָליטיק, האָט מען גאָרנישט ניט געװאוסט װאוהין מען האָט זײ אװעקגעשיקט.

די האנדלונג פונעם רעזשים האָט אָנגערירט א באדײטנדיקן סעגמענט פון דער ײדישער באפעלקערונג, אָבער עס פעלן גענױע ציפער װעגן דעם. האָבנדיק שױן פון פריער פארלאָרן זײערע געשעפטן און אײגנטומס, זײנען די קרבנות איצט באראַבט געװאָרן פון זײערע שטוביקע חפצים. קײנע גענױע און פארלאָזלעכע ידיעות װעגן זײער גורל זײנען נישט דערגאנגען. אָבער מען קען זײן זיכער, אז װאו זײ זאָלן זיך נישט געפינען, לעבן זײ װי פאריער.

די דאזיקע דעפּאָרטאציעס זיינען פאָרגעקומען אין פארלויף פון די יאָרן 1952־1953. פּראָטעסטן מצד רעגירונגען און אָרגאניזאציעס איבער דער גאָרער וועלט, וואָס זיינען ארויסגערופן געוואָרן צוליב די גליבציטיקע דעפּאָרטאציעס אין אונגארן, האָבן משמעות געמאכט אן איינדרוק אויף דער רומעניִשער רעגירונג. זינט דאן האָט מען נישט געהערט וועגן נייע דעפּאָרטאציעס.

## 5. דאָס רעליגיעזע און קולטור־לעבן

אין רומעניע האָט מען צו רבנות זיך באצויגן מיט גרויס דרך־ארץ, און דאָס קהילה־לעבן האָט געקלאפּט מיט א שטארקן פּולס. דעריבער האָט דער קאָמוניסטישער רעזשים געזוכט, סיי אונטערצוגראָבן די קהילות און סיי צו בארויבן אירע מיטגלידער פון גייסטיקער פירערשאפט.

זיי האָבן צעשטערט דעם פינאנציעלן פונדאמענט פון די קהילות. דער געזעץ וועגן די רעליגיעזע קולטן (פון 23סטן אויגוסט 1948) האָט אָפּגעטיילט דעם שטאט פון קירך. דורך דעם האָבן די קהילות פארלאָרן דאָס רעכט ארויפצולייגן שטייערן אויף זייערע מיטגלידער. מיט א יאָר שפּעטער האָט דער „סטאטוט פאר דער אָרגאניזירונג פונעם מאָזאישן גלויבן" פאָר־אָרדנט די צענטראליזירונג פון די יידישע קאָנגרעגאציעס, סיי אין לאָקאלן און סיי אין לאנד־מאסשטאב. לויט דעם סטאטוט האָט געקאָנט עקזיסטירן בלויז איין קאָנגרעגאציע אין א שטאָט אָדער שטעטל. אויב עס האָבן עקזיסטירט מער ווי איינע, אפילו פון פארשיידענע שיטות, ווי אָרטאָדאָקסישע, רע־פאָרמער, האָבן זיי געמוזט זיך צונויפגיסן. די באזונדערע קאָנגרעגאציעס איבערן לאנד דארפן זיך אָנשליסן אין איין לאנד־פעדעראציע. אזוי ארום איז ארויפגעצוואונגען געוואָרן איינקייט אויף די כלערליי ריכטונגען פון די פריערדיקע צייטן, וועלכע האָבן זיך איינע די אנדערע באקעמפט. אָבער די דאָזיקע איינקייט איז אייגנטלעך געווען א סדום־בעטל, וואָס האָט געדינט אויסשליסלעך די אינטערעסן פונעם רעזשים. בראש פון די לאָקאלע און לאנד־אָרגאניזאציעס זיינען געשטאנען פארביסענע קאָמוניסטן, דורך וועלכע די רעגירונג האָט ארויפגעלייגט אן אייזערנע האנט אויף די דאָזיקע קער־פערשאפטן.

די רעגירונג האָט דערלויבט רבנים אויסצוואונדערן, אין איינ־קלאנג מיט דער פּאָליטיק צו בארויבן די מאסן פון זייער גייסטיקער פירער־שאפט. א גרויסע צאָל רבנים האָבן פארלאָזן דאָס לאנד (ד"ר א. שאפראן, דער רב הכולל; הרב יוסף אדלער, דער פירער פונעם טראנסילוואנער "דנטום; א"אנד). אזוי ארום איז די צאָל רבנים, ווי עס שיינט, רעדוצירט געוואָרן צו 32 אָדער 37. (32 רבנים האָבן אונטערגעשריבן דעם פּסח־אפּיל אין 1951, און די דעקלאראציע פון יוני 1954, אין שייכות מיט די פּראָצעסן קעגן די ציוניסטישע פירערס אין רומעניע)

די העברעיִשע און יידיש־שולן זיינען נאציאָנאליזירט געוואָרן. מען האָט דאָרט איינגעזעצט קאָמוניסטישע לערערס און אָנגעפילט מיטן קאָמוניס־טישן גייסט; דער איקוף מיט זיינע 34 צווייגן איז געצוואונגען געוואָרן זיך אָפּצוזאָגן פון זייער רייכער קולטור־פּראָגראם, און ער האָט זיך פארוואנדלט אין א געוועקציינג פון קאָמוניסטישער פּראָפּאגאנדע.

בלויז איין יידישער פּובליקאציע - א וואָכנשריפט אין דער רומעני־שער שפּראך, א"נ „וויאצא נאָוא" (דאָס נייע לעבן) - איז דערלויבט געוואָרן צו דערשיינען.

כדי צו פארענדיקן די ארבעט פון צעשטערן דאָס יידישע געזעלשאפט־לעכע לעבן, האָט דער רעזשים נאציאָנאליזירט די אימפּאָזאנטע נעץ פון

ייִדישע צדקה־אינסטיטוציעס, וואָס די מערסטע פון זי״ ז״נען ווידער אויפגעשטעלט געוואָרן מיט דער הילף פון די אמעריקאנער ייִדישע אָרגאניזאציעס.

„אָט די אַלע אינסטיטוציעס – האָט דערקלערט הערש שערבאן־ל״באָוויטש – ז״נען געוואָרן רעגירונגס־אינסטיטוציעס, און זי״ ז״נען אָפן פאר דער ייִדישער באפעלקערונג, ווי אויך ... פאר אַלע מיטוואוינענדיקע נאַציאָנאליטעטן".

און צום סוף האָט מען פאראָרדנט צו שליסן אַלע ביוראָען פון אויסלענדישע ייִדישע אָרגאניזאציעס, צווישן זי״, דעם אמעריקאנער דזשוינט, וועלכער האָט יערלעך אויסגעגעבן 3,600,000 דאָלאר אינעם דאָזיקן לאנד.

## ד. דאָס איצטיקע בילד

### 1. די עקאָנאָמישע סיטואציע

די יוגנט, וואָס האָט געקראָגן איר צוגר״טונג במשך פון דעם לעצטן יאָרצענדליק, ווי אויך האנטווערקערס און ארבעטערס, ז״נען עקאָנאָמיש אקטיוו אנגאזשירט. דאָס זעלבע באציט זיך אויך צו א״ניקע קאטעגאָריעס פון פר״ע פראָפעסיעס (דאָקטוירים, אינזשינערן און א צאָל אדוואָקאטן). א געוויסע צאָל ייִדן געפינען זיך אויף מלוכה־שטעלעס. די פראָפּאָרץ פון דעקלאסירטע און פויפעריזירטע ייִדן קאָן נישט גענוי פעסטגעשטעלט ווערן, אָבער מען דארף אָננעמען, אז זי איז א באד״טנדע.

די מערכה פון יענע, וואָס ז״נען עקאָנאָמיש באשעפטיקט, איז אין אלגעמ״ן וו״ט פון צופרידנשטעלנדיק. דאָס לעבנס־קאָסט איז אויסערגעוו״נלעך הויך אין רומעניע, די קויפקראפט פון די שכירות איז נידעריק. עס איז שווער פאר די לוין־פארדינערס צו דעקן די הוצאות.

די נ״סטע עמיגראנטן פון רומעניע, וואָס ז״נען דורכגעפאָרן ווין, האָבן איבערגעגעבן די פאָלגנדיקע דאטן, וואָס ש״ך דעם לעבנס־סטאנדארד אינעם לאנד: א״ן עסטר״כישער שילינג האָט (אין ווין) די זעלבע קויפקראפט, ווי א לעי אין רומעניע, אָבער דער דורכשניטלעכער געהאלט אין עסטר״ך באטרעפט 1,500 שילינגס, און אין רומעניע – 500 לעי.

בכלל גענומען, ש״נען צו ז״ן צוו״ עקאָנאָמישע גרופן צווישן די ייִדן אין לאנד: א״נע באשט״ט פון אזעלבע, וואָס פארדינען אויף א מאָגערער עקזיסטענץ; אין דער צוו״טער ג״ען אר״ן די דעקלאסירטע. דער ר״כער קלאס איז אָפגעמעקט געוואָרן. ביוראָקראטן אויף הויכע פּאָסטנס קאָנען באטראכט ווערן ווי דער א״נציקער אויסנאם. אָבער זי״, בדרך כלל, האָבן איבערגעריסן יעדע פארבינדונג מיטן ייִדנטום און מיט ייִדישק״ט.

### 2. רעליגיעזע ענינים

די קאָנגרעגאציעס געפינען זיך אין א חרובן צושטאנד. ז״ערע פינאנצן האָבן זיך געשטיצט אויף ז״ערע פּרעראָגאטיוון ארויפצול״גן שט״ער אויף ז״ערע מיטגלידער, און אויף דער פארפליכטונג פון יעדן ייִדן אָנצושליסן זיך אין דער לאָקאלער קהילה אלס א מיטגליד. די אָפּשאפונג פון די דאָזיקע רעכט דורך דעם געזעץ וועגן רעליגיעזע קולטן איז געווען א שווערער קלאפּ, וואָס ז״ן פולע באד״טונג קאָנען נישט באגר״פן אַלע די,

װעלכע װאַזינען אין לענדער פון אַן אַנדער מין היסטאָרישער עװאָלוציע. די
ייִדישע גרייטקייט צו פרייוויליקע ביישטייערונגען װאָלט בייגעקומען אָט די אַלע
שװעריקייטן, װען ניט די רעװאָלוציאָנערע ענדערונג אין די עקאָנאָמישע
אומשטענדן פון די מיטגלידער. צוליב דעם װאָס די גינסטיק־סיטואירטע
שיכטן זיינען פאַרשװאונדן, װאָס אַ באַדייטנדער טייל ייִדן איז פּויפּעריזירט
געװאָרן, און די לוין־פאַרדינערס ראַנגלען זיך, כדי װי ניט איז צו
דעקן די טאָג־טעגלעכע הוצאה, איז ניטאָ קיין שום פינאַנציעלע מעגלעכקייט
אויסצוהאַלטן אַ קאָנגרעגאַציע. אין אַן אַנטי־רעליגיעזער אַטמאָספער װערט
איינגעדאַרט די װיליקייט זיך אָנצושליסן אין אַ רעליגיעזער אָרגאַניזאַציע.
ס'איז קלאָר, אַז די קאָנגרעגאַציעס מוזן אומפאַרמיידלעך צוזאַמענברעכן,
אויב דאָס האָט זיי שוין ניט געטראָפן.

מיט דער דאָזיקער לאַגע דערקלערט זיך, װאָס עס זיינען פאַראַן אַזוי
װייניק רבנים אין לאַנד. זייער צאָל איז עלול נאָך מער איינגעשרומפּט צו
װערן. אונטער אַזעלכע באַדינגונגען און אין אַזאַ אַטמאָספער װיל ניט
און קאָן ניט די יוגנט אויסקלייבן רבנות אַלס אַ באַרוף. דאָס רעליגיעזע
לעבן איז פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג, ניט געקוקט אויף די פאַרקערטע
אָפיציעלע דערקלערונגען: בערקו פעלדמאַן האָט געזאָגט דעם אדװ' אַנדרע
בלומעל (פּרעזידענט פון דער פראַנצייזישער ציוניסטישער פעדעראַציע) אין
יולי 1955, אַז אין רומעניע זיינען נאָך אָפן 500 סינאַגאָגעס אָדער
שטיבלעך; אַז עס עקזיסטירן 70 רעליגיעזע קהילות, אַ ישיבה מיט 12(!)
ישיבה־בחורים; און אַז מצות און כשר װיין קריגט מען אויף פּסח. עס איז
כדאַי צו באַטאָנען, אַז לויט דער אינפאָרמאַציע, װאָס איז אַרויסגעגעבן
געװאָרן אין יולי 1954 דורך דער רומענישער לעגאַציע אין לאָנדאָן, זיינען
אין רומעניע געװען 126 ייִדישע געמיינדעס, 32 תלמוד־תורה'ס, און 69
מקװאות; און מען האָט טעגלעך געדאַװנט אין די סינאַגאָגעס און בתי־מדרשים,
װאָס בוקאַרעשט האָט געציילט - װי מען האָט געזאָגט - 50, יאַסי - 75, און
באָטאָשאַן - 45.

3. <u>דאָס אָרגאַניזאַציאָנעלע און קולטור־לעבן</u>

מיט דער ליקװידאַציע פון אַלע קולטור־, ציוניסטישע און צדקה־
אָרגאַניזאַציעס זיינען אין לאַנד געבליבן בלויז צװיי דורך די קאָמוניסטן
אָנגעפירטע קערפּערשאַפטן: איינע איז די פעדעראַציע פון די ייִדישע קאָנ־
גרעגאַציעס, מיטן קאָמוניסטישן רב הכולל בראָש, װאָס איר באַדייטונג האַלט
אין פאַלן מיט דער ירידה פון די קהילות; און דער „ייִדישער דעמאָקראַטי־
שער קאָמיטעט". ניט אַפילו ביים העכסטן אויפשװאונג פון זייער מאַכט
זיינען די צװייגן פון יד"ק געװען אַקטיװ, װי דאָס איז געקומען צום אויס־
דרוק אין דער ענדלאָזער „קריטיק און זעלבסט־קריטיק", װאָס איז גע־
דרוקט געװאָרן אין דער איצט אויפגעלייזטער „אונזערע". לויט באַריכטן
פון די ניסטע עמיגראַנטן פון רומעניע, איז דער יד"ק לעצטנס פונאַנ־
דערגעלאָזן געװאָרן, און דער פאַרבאַנד פון די רעליגיעזע קהילות האָט אין
אַ געװיסן זינען פאַרנומען זיין אָרט. בערקו פעלדמאַן איז טראַנספערירט
געװאָרן אין ביוראָ פונעם פּרעמיער־מיניסטער. דער ממונה איבער דער
ייִדישער סצענע, זאָגט מען, איז יאַשקאַ קישינעװסקי, װעלכער װערט געשיל־
דערט אין די רומענישע ציישונגען, װי דער „װיצע־פּרעזידענט פונעם מי־
ניסטעריום" און אַ קאַרפּן־קאָפּ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (אדװ' בלו־
מעל האָט באַריכטעט, פון דער אַנדערער זייט, אַז פעלדמאַן װערט נאָך אַלץ
באַטראַכט װי דער דעה־זאָגער איבער ייִדישע ענינים אין רומעניע).

איקוף און די צוויי ייִדישע טעאַטערס זײַנען ייִדיש, דער עיקר, לויט דער שפּראַך, הגם זיי שפּיגלען אָפּ געוויסע ייִדישע אַקטיוויטעטן. לויטן תוך זײַנען זיי אינסטרומענטן פאַר קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע. ייִדישע קולטור־און אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייטן זײַנען געוואָרן אוממעגלעך אין רומעניע.

די שולן זײַנען נאַציאָנאַליזירט געוואָרן, די יוגנט ווערט דערצויגן אין קאָמוניסטישן גײַסט, אין פולשטענדיקער עם־הארצות וואָס שייך דער ייִדישער גײַסטיקער ירושה; און אָפּגעפרעמדקייט און פײַנדשאַפט בײַ די קינדער נישט בלויז לגבי ייִדישקייט, נאָר אפילו אין באַצוג צו זײַערע אײגענע עלטערן איז דער ציל, וואָס די שולן האָבן פאַר זיך אַוועקגעשטעלט. לויט בערקו פעלדמאַן לערנען ייִדיש אַ וואָסערע 5,000 ייִדישע קינדער אין גאַנצע ייִדישע שולן אָדער אין די עפנטלעכע שולן, וואו ייִדיש איז אַרײַנגענומען געוואָרן אין דער פּראָגראַם. אַ מלוכה־פאַרלאַג דרוקט ביכער אויף ייִדיש, און אין גיכן דאַרף דערשײַנען אַ ייִדישע פּערטליאַר־פּובליקאַציע.

## ה. אויסוואַנדערונג פון רומעניע

הגם עס פעלן פאַרלאָזלעכע סטאַטיסטישע דאַטן, קאָן מען מיט זיכערקייט אָננעמען אַז אַרום 150,000 רומענישע ייִדן האָבן אויסגעוואַנדערט אין פאַרלויף פון דעם יאָרצענדליק נאָך דער מלחמה. רומעניע האָט נישט דערלויבט קיין אומבאַגרענעצטע אויסוואַנדערונג קיין ישראל (ווי דאָס האָט געטאָן בולגאַריע אָדער טשעכאָסלאָוואַקײַ). צום גרעסטן טייל האָבן בלויז סעלעקטירטע גרופּעס געמעגט עמיגרירן פון לאַנד. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, איז במשך פון אַ געוויסער צײַט דערלויבט געוואָרן שיפן מיט 1,000 פּאַסאַזשירן פאַר אַ מאָל אָפּצופאָרן פון לאַנד, אַזוי אַז לויט די אָפיציעלע סטאַטיסטישע דאַטן פון ישראל, האָט די גלדיקע צאָל עולים פון רומענישן אָפּשטאַם אין מדינה ישראל, זינט איר אַנטשטייאונג, אויסגעמאַכט 121,818 נפשות. די אײַנוואַנדערונג פון די רומענישע ייִדן לויט פאַרשײדענע יאָרן איז געווען אַזאַ:

| יאָר | צאָל עולים |
| --- | --- |
| 1948 (פון 15טן מאַי ביזן 31סטן דעצ.) . . . . | 17,678 |
| 1949 . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 13,596 |
| 1950 . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 46,430 |

עס איז אויך פאָרגעקומען אַ באַדײַטנדיקע אײַנוואַנדערונג אין 1951 ביז סעפּטעמבער חודש. לויט די זעלבע ישראל־דאַטן, האָבן אין פאַרלויף פונעם דאָזיקן יאָר אײַנגעוואַנדערט אין דער ייִדישער מדינה 40,208 ייִדן פון רומענישן אָפּשטאַם. היות ווי אין די די־פּי־לאַגערן האָבן זיך געפונען פאַרהעלטענישמעסיק ווייניק רומענישע ייִדן, האָט דער רוב־מנין פון די דאָזיקע עולים געמוזט קומען דירעקט פון רומעניע. נאָך אָקטאָבער 1951 איז די צאָל אַרויספאָר־דערלויבענישן בסדר געפאַלן; און נאָך פעברואַר 1952 האָט די עמיגראַציע פאַקטיש אין גאַנצן זיך אָפּגעשטעלט. פון דעסטוועגן זײַנען אָנגעקומען קיין ישראל 3,627 אַזעלכע עולים אין 1952; 180 - אין 1953; און 99 - אין 1954. ערשט לעצטנס (אין מאַי 1955) האָבן די רומענישע אויטאָריטעטן צוריק אָנגעהויבן אָנצונעמען אַפּליקאַציעס, און אין יולי האָט מען אַרויסגעגעבן 5 עמיגראַציע־דערלויבענישן - די ערשטע נאָך אַ לאַנגן איבעררײַס. אַלס רעזולטאַט האָבן קלײנע גרופּעס רומענישע ייִדן אָנגעהויבן אָנצוקומען קיין ישראל. עס איז אָבער נאָך פרי צו מאַכן אַן אויספיר, אַז אין דער נאָענטער צוקונפט זאָל זיך אָנפאַנגען אַ ברייטע

אויסוואנדערונג, הגם דער דאָזיקער זשעסט מצד דער רעגירונג האָט גורם געווען אן אמתן פֿיבער פֿון אויפֿרודערונג אין די ייִדישע קרייזן פֿון בוקארעשט; און, לויט באריכטן, האָט דער רומענישער אויסערן־מיניסטער איינפֿאָרמירט ישׂראל (ביי דער געלעגנהייט פֿון איינשווערן א נייעם מיניסטער קיין מדינת ישׂראל), אז רומעניע האָט אָנגענומען דעם שטאנדפּונקט פֿון דער ייִדישער מדינה וועגן פֿאראייניקן משפּחות דורך דער עליה קיין ישׂראל: עלטערן, וואָס ווילן קומען צו זייערע קינדער, און קינדער צו עלטערן, דארף דערלויבט ווערן צו עמיגרירן; דאָס אייגענע בנוגע צדדים פֿון א זיווג. אָבער וואָס שייך אנדערע קרובים, זיינען זיי אויסגעשלאָסן פֿונעם כלל פֿון פֿאראייניקן משפּחות. עס זיינען אויך פֿאראן ידיעות, אז די ישׂראל־רעגירונג האָט זיך פֿארבונדן מיט א רומענישער טראנספּאָרט־קאָמפּאניע מכוח דער טראנספּאָרטאציע פֿון נייע עמיגראנטן, פֿון קאָנסטאנצ' קיין חיפֿה. פֿון דער אנדערער זייט, זיינען פֿאראן 200 רומענישע יורדים, וואָס ווילן אין גיכן צוריקפֿאָרן פֿון ישׂראל קיין רומעניע.

## ו. די איצטיקע צאָל ייִדן אין רומעניע

נעמענדיק אין באטראכט, אז נאָך דער באפֿרייזונג האָבן זיך אין רומעניע געפֿונען ארום 42.,000 ייִדן; אז די 20,000 פּליטים, וואָס זיינען געווען איינגעשלאָסן אין דער דאָזיקער בולגדיקער צאָל, האָבן פֿארלאָזן רומעניע; אז אן ערך 37,000 נפֿשות האָבן אויסגעוואנדערט בעת דער יציאת־בוואליע פֿון 1947; אז זינט 1948 האָבן קרוב צו 122,000 עולה געווען קיין ישׂראל; און אז קלענערע גרופּעס האָבן עמיגרירט אין אנדערע לענדער - דארף מען אָננעמען, אז היינט־צו־טאָג וואוינען אין רומעניע א וואָסערע 220,000-240,000 ייִדן. אזוי ארום איז דאָס רומענישע ייִדנטום איינער פֿון די גרעסטע ייִדישע ישובֿים אין דער איצטיקער אייראָפּע.

...............

.....

## ב ו ל ג א ר י ע

### א. הקדמה

אין 1940 האָבן אין בולגאריע זיך געפונען ארום 48,000 ייִדן, און 3,000 ייִדישע קינדער האָבן באזוכט ייִדישע שולן. אין דער צײַט פון דער אָפיציעלער פאָלקסצײלונג, אין 1934, האָט די ייִדישע באפעלקערונג פון 48,398 נפשות (גערעכנט בלויז פערזאָנען פון ייִדישן גלויבן) אויסגעמאכט אן ערך 0.8 פראָצענט פון דער בולגארישער באפעלקערונג, וועלכע האָט געצײלט אומגעפער 6 מיליאָן מענטשן. לויט אן איבערזיכט, וואָס איז צוגעגרײט געוואָרן פון דעם בולגארישן פארבאנד אין ארץ־ישראל, האָבן די ייִדישע קהילות אין בולגאריע פארמאָגט 50 סינאגאָגעס און אנדערע רעליגיעזע בנינים; 5 הײַזער, וואָס זײַנען באנוצט געוואָרן פאר אדמיניסטראטיווע צוועקן; 12 יתומים־הײַזער, קינדערהײמען און יוגנט־צענטערס; 28 ישיבות; 4 בתי־עם (ייִדישע צענטערס); 25 ביבליאָטעקן און מוזייען; און 56 אומבאוועגלעכע גיטער. דער בולגארישער ווערט פון די דאָזיקע פארמעגנס איז דאן געשאצט געוואָרן אויף קרוב צו 764 מיליאָן לעוון (אין בולגארישער וואלוטע).

אין פארלויף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זײַנען די ייִדן אויפן שטח פונעם אלטן קעניגרײַך אויסגעהיט געוואָרן, אין אלגעמיין, פון דעפּאָרטאציעס און פארניכטונג, הגם א סך זײַנען געשיקט געוואָרן אין ספּעציעלע אינטערנירונגס־צענטערס. דאָס איז טײלווײַז געווען א רעזולטאט פון דער אנטשלאָסענער שטעלונג מצד אלע שיכטן פון דעם בולגארישן פאָלק, ארײַנגערעכנט די ארמיי און די הויך־ראנגיקע גײַסטלעכע פון דער אָרטאָדאָקסישער קירך, ספּעציעל דעם מעטראָפּאָליט סטעפאן. עס זײַנען געווען אנטי־ייִדישע געזעצן און מאָסמיטלען, ארײַנגערעכנט קאָנפיסקאציע פון פארמעגנס, אָבער מען האָט זיי קיין מאָל נישט אָנגעווענדט אין דעם פולן פארנעם. נישט אזא מזל, צום באדויערן, האָבן געהאט די ייִדישע קהילות אין יענע טײלן לאנד, וואָס בולגאריע האָט איבערגענומען פון גריכנלאנד - מאקעדאָניע און דער שטח בײַם עגעישן ים -, ווי אויך די ייִדישע אײַנוואוינערס פון פרעמדער בירגערשאפט. די מערסטע פון זיי זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די נאציס און זיי זײַנען אומגעקומען. דער זעלבער גורל האָט געטראָפן 300 ייִדישע פליטים פון יוגאָסלאוויע (נאָך א הונדערט אזעלכע פליטים האָבן באוויזן זיך אריבערצוכאפן קיין אלבאניע). די צאָל ייִדישע קרבנות אין בולגאריע ווערט פארשידן געשאצט: פון 15,000 (לויט א באריכט פון בן־גוריון) ביז איבער 22,000 נפשות.

### ב. נאָך דער באפרײַונג

די פרעלימינערע באדינגונגען פאר בולגאריעס קאפיטולאציע צו די אליאירטע האָבן אײַנגעשלאָסן די צוריקשטעלונג פון פולע רעכט פאר ייִדן און אנדערע בארויבטע פון רעכט בירגערס. אלע אנטי־ייִדישע מאָסמיטלען זײַנען דעריבער אָפּגעשטעלט געוואָרן אין די שטעט בײַם ברעג פון שווארצן ים שוין אין אויגוסט 1944.

מען האָט באפרײַט אלע ייִדן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די אינטערנירונגס־צענטערס אין בולגאריע; א צאָל פון זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אין זייערע פריערדיקע היימען, און אנדערע האָבן געשטראָמט צו דער הויפּטשטאָט, וואו עס זײַנען שוין געווען קאָנצענטרירט 15,000 ייִדן אין הארבסט, 1944, און 25,000 - אין מאי, 1945.

א באריכט פון מערץ 1945 האָט אָנגעגעבן, אז עס האָבן זיך ווידער אָרגאניזירט 33 ייִדישע קהילות; 2,200 קינדער אונטער 13 יאָר האָבן זיך געלערנט אין ייִדישע שולן, און 2,160 אין די עפנטלעכע שולן. אין אן אָפיציעלן מעמאָראנדום, וואָס די בולגארישע ייִדישע צענטראלע קאָנסיסטאָריע האָט צוגעשטעלט צו דער קאָנפערענץ פון די אויסערן־מיניסטאָרן אין פּאריז (מאי 1946), ווערט צווישן אנדערן דערקלערט: „מיר... אלע זיינען געזונט און גאנץ, און אונדזער צאָל איז אויסגעוואקסן פון 47,000 נפשות פון פאר דער מלחמה ביז 50,000 נאָך דעם קריג... קיין ייד איז ניט גענומען געוואָרן דורך די דייטשן". די גענויע צאָל, וואָס די קאָנסיסטאָריע האָט דאַן אָנגעגעבן, האָט באטראָפן 49,712 (אָדער 49,815). עס איז אָבער א ספק, צי די דאָזיקע צאָל איז געווען א ריכטיקע, מחמת די זעלבע קאָנסיסטאָריע האָט באריכטעט, אז 123 ייִדן זיינען דערהרגעט געוואָרן, באטייליקנדיק זיך אין די פּארטיזאנער־גרופּעס; 1,100 זיינען געשטאָרבן אין אינטערנירונג; און 3,000 האָבן עמיגרירט קיין ארץ־ישראל.

דער עקאָנאָמישער מצב פון די ייִדן איז געווען זייער א טרויעריקער. אין סעפּטעמבער 1944 האָט דער דעפּוטאט כריסטאָ סטאטעוו באצייכנט זייער לאגע אלס „זייער א שווערע". מיט א חודש שפּעטער האָט דער נייער אונטער־סעקרעטאר פון דעם מיניסטעריום פאר פּראָפּאגאנדע, פּאיאָנאָוו – אליין א ייד – דערקלערט אין א ראדיאָ־אוידיציע, אז „אן אמתע ליזונג (פאר דער ייִדישער רעהאביליטאציע־פּראָבלעם) איז מעגלעך בלויז מיט דער הילף פון די גרויסע דעמאָקראטיעס". באריכטן, וואָס זיינען פארעפנטלעכט געוואָרן סוף 1944, האָבן דערקלערט, אז דער עקאָנאָמישער חורבן, די ירידה און פאראָרעמטקייט פונעם בולגארישן ייִדנטום לאָזן זיך אפילו ניט באשרייבן. אט די שילדערונג איז פולשטענדיק באקרעפטיקט געוואָרן דורך אזא דערפארענעם באאָבאכטער, ווי דוד בן־גוריון, דער דעמאָלדיקער פּרעזיצער פון דער ייִדישער אגענץ, וואָס האָט באזוכט בולגאריע אין דעצעמבער 1944 און איז אויפגענומען געוואָרן דורך די רעגענטן און די פירנדיקע פערזענלעכקייטן פון דער רעגירונג. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף קינדער „פארהונגערטע און נאקעטע". צו די זעלבע אויספירן איז געקומען דער קאָרעספּאָנדענט פון דער „ניו־יאָרק טיימס", דזשאָזעף מ. ליוואי.

ג. רעהאביליטאציע: דער פּעריאָד ביזן סוף פון דער מאסן־עמיגראציע

1. ירידישע און עקאָנאָמישע רעהאביליטאציע

אין אויגוסט 1944 האָט דער אינערן־מיניסטער אויפגענומען א דעלעגאציע פונעם ייִדישן עקזעקוטיוו־ראט, בראש פון וועלכן עס איז געשטאנען דער רעזערוו־קאָלאָנעל טאדזשער – א וואויל־באקאנטער פירער פונעם בולגארישן ייִדנטום – און האָט זיי אינפאָרמירט וועגן דער אומאָפיציעלער אָפּשאפונג פון די אנטי־ייִדישע באגרענעצונגען. פּראָפ' ערענפרייז, אייבער־ראבינער פון סטאָקהאָלם און געוועזענער גייסטיקער פירער פון די ייִדן אין בולגאריע, האָט אויסגעדריקט זיין פריי', וואָס בולגאריע „איז געווען דאָס ערשטע לאנד אין אייראָפּע צו רעסטאווירן די מענטשלעכע ווירדע פון אירע ייִדישע בירגערס". וואָס אן אמת, האָט איירא הירשמאן, באוואוסט דורך זיין ארבעט אינעם „וואָר רעפיודזשי־באָארד" (מלחמה־פליטים־ראט), דערקלערט: „בולגאריעס ערשטער שריט צו באזייטיקן די אנטי־ייִדישע געזעצן איז געווען א דירעקטער רעזולטאט פון דעם דרוק מצד דעם מלחמה־פליטים־ראט, וואָס איז אויסגעאיבט געוואָרן... דורך די בולגארישע דיפּלאָמאטן אין טערקיי". די אָפיציעלע אָפּשאפונג פון די אנטי־ייִדישע מאָסמיטלען איז פאָרגעקומען דעם 4טן דעצעמבער 1944. אין דער זעלבער צייט זיינען ייִדן ווידער ארייגענומען געוואָרן אין דעם בולגארישן אדוואָקאטן־פארבאנד און אין דעם דאָקטוירים־פארבאנד.

גאַר גיך זײַנען אויפֿגעקומען שוועריקייטן בנוגע דער בירגערשאַפֿט פֿון אַזעלכע בולגאַרישע ייִדן וואָס זײַנען אַנטלאָפֿן אין אַנדערע לענדער. לכתּחילה האָט מען זיי אויפֿגעפֿאָדערט זיך אומצוקערן אין לאַנד צו מערץ חודש 1945; מחמת ס'איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז אַן אוממעגלעכע זאַך צוליב דעם פֿאַקט, וואָס די מלחמה איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען אין אייראָפּע, האָט מען די דאָזיקע דאַטע פֿאַרלענגערט ביזן 27סטן מאַי 1945. באַרעכטיקטע אויסזעצונגען קעגן דעם און אויך אַנדערע ענינים זײַנען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין אַ מעמאָראַנדום פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿאַר אימיגראַציע פֿון ייִדן פֿון בולגאַריע קיין ארץ־ישׂראל (מאַי, 1945); אָבער, לויט אַ באַריכט פֿונעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס, האָט געדראָט אַלע ייִדן, וועלכע וועלן זיך ניט האָבן אומגעקערט ביזן 1טן מערץ 1946, צו פֿאַרלירן זייער בירגערשאַפֿט, און זייערע פֿאַרמעגנס האָבן געזאָלט קאָנפֿיסקירט ווערן. גלײַכצײַטיק האָבן אַלע ייִדישע יונגעלײַט, וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן אין 1924-23, געמוזט זיך שטעלן צו דער מיליטערישער דינסט.

די רעסטאַווּרירונג פֿון ציווילע רעכט פֿאַר די בולגאַרישע ייִדן איז שנעל געקומען צום אויסדרוק אין דער באַשטימונג פֿון מיטגלידער פֿון דער ייִדישער געמיינדע אויף וויכטיקע עפֿנטלעכע פּאָסטנס. שוין אין 1944 איז מ. פּאַיאַנאָוו נאָמינירט געוואָרן אַלס אונטער־סעקרעטאַר פֿאַר פּראָפּאַגאַנדע; און מ. לעוויעוו — אַלס דירעקטאָר פֿונעם ביוראָ פֿאַר אויסערן האַנדל. דרײַ ייִדן זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן אינעם פּרעזידיום פֿונעם זשורנאַליסטן־פֿאַרבאַנד; דרײַ אַנדערע ייִדן זײַנען אַרײַן אין דער ספּעציעלער קאַנדידאַטן־ליסטע צום פּאַרלאַמענט פֿונעם „פּאַטערלאַנד־פֿראָנט" (2 סאָציאַליסטן און 1 קאָמוניסט). אין 1946 זײַנען אינעם פּאַרלאַמענט געווען צוויי ייִדישע דעפּוטאַטן (עזטיעל מעיער און דאַוויד יעריבעם). אין האַרבסט 1946 האָבן 26 ייִדן פֿיגורירט אויף דער פּאַרלאַמענט־ליסטע פֿונעם „פּאַטערלאַנד־פֿראָנט" (צווישן זיי, 13 קאָמוניסטן און 3 סאָציאַליסטן). אין 1947 איז פּראָפֿ' ניסים נבֿורך באַשטימט געוואָרן אַלס באַפֿולמעכטיקטער מיניסטער אינעם אויסערן־מיניסטעריום. אין 1949 איז פּראָפֿ' יעקבֿ נתן, הויפּט פֿון דער ייִדישער קאָנסיסטאָריע, געוואָרן דער וויצע־פּרעזידענט פֿונעם מלוכה־קאָמיטעט פֿאַר קונסט, וויסנשאַפֿט און קולטור.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס בולגאַריע האָט אָנגענומען אַ רעסטיטוציע־געזעץ, זײַנען אָנגעקומען אַ סך אָנקלאַגעס וועגן דעם טעמפּאָ און פֿאַרנעם פֿון דער רעסטיטוציע. ענדלעך האָט די רעגירונג, אין מערץ 1946, באַשלאָסן אומצוקערן צו די ייִדישע אייגנטימערס 8,288 הײַזער, וואָס זײַנען געשאַצט געוואָרן אינעם ווערט פֿון 1,850 מיליאָן לעוו, אָן ספּעציעלע געריכטלעכע פּראָצעדורן; און קורץ דערנאָך איז באַריכטעט געוואָרן, אַז אַלע אוממבאַוועגלעכע גיטער זײַנען צוריקגעגעבן געוואָרן די פֿריערדיקע באַזיצערס. דעם זעלבן יאָר, אין יולי, האָט מען אָנגענומען אַ הוספֿה צום געזעץ, וואָס האָט בטל געמאַכט די צוואַנגס־פֿאַרקויפֿן, און האָט באַשטימט אַז דער ספּעציעלער „ייִדישער שטײַער" מוז צוריקגעצאָלט ווערן. אַנטשעדיקונג האָט געמוזט אויסגעצאָלט ווערן אין מזומנים ביז דער סומע פֿון 50,000 לעוו, און די רעשט — אין פֿאַרקויפֿבאַרע דרײַ־פּראָצענטיקע אָבליגאַציעס. ייִדישע קאָאָפּעראַטיוון זײַנען ווידער געגרינדעט געוואָרן מיט דער הילף פֿונעם אַמעריקאַנער דזשוינט און אַ צען־יאָריקער הלוואה פֿון 250 מיליאָן לעוו, וואָס די רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן דעם ייִדישן קאָאָפּעראַטיוון באַנק, פֿרײַ פֿון צינזן. אַלס רעזולטאַט פֿון דעם האָבן זומער 1948 שוין פֿונקציאָנירט 20 ייִדישע קאָאָפּעראַטיוון.

ווי אומעטום אין אייראָפּע, האָט די פֿראַגע פֿון דירות פֿאַר די אויסגעוואָרצלטע ייִדן אין בולגאַריע אַרויסגערופֿן ערנסטע פּראָבלעמען. געוועזענע ייִדישע דירות זײַנען צוריק רעסטאַווּרירט געוואָרן, אויף וויפֿל עס האָט זיך געלאָזט; אָבער ווירטשאַפֿטלעכע לאָקאַלן, וואָס האָבן זיך איצט געפֿונען אין די

הענט פון דער מלוכה, ווי למשל געשעפטן, ביוראָען, ווערקשטאטן און פאבריקן, זיינען געווען פטור פון רעסטיטוציע.

## 2. באַנייונג פונעם ייִדישן סאָציאַלן און קולטור־לעבן

לכתחילה האָט די רעגירונג זיך אָפּגעזאָגט צו סובסידירן העברעישע שולן, אלס ריין רעליגיעזע אינסטיטוציעס (פעברואר 1945). אָבער מיט דריי חדשים שפּעטער האָבן די רעגענטן דערקלערט פאר זעלבסטפארשטענדלעך, אז „די מינדערהייטן אין בולגאריע וועלן אויפהיטן זייערע קולטורעלע, רעליגיעזע און עטנישע אייגנשאפטן אין די ראמען פונעם בולגארישן שטאט"; און אז די רעגירונג וועט סובסידירן די שולן פון די מינדערהייטן. אין הארבסט 1945 איז – ווי עס שיינט – אָפּגעפאלן א געוויסע צאָל קינדער אין די ייִדישע שולן; אין סאָפיע האָט דער כוללדיקער באזוך אין אזעלכע שולן באטראָפן 426 – מערסטנס אָרעמע קינדער. אן ערך א העלפט פון זיי האָבן זיך געלערנט אין דער עלעמענטאר־שול, און די איבעריקע זיינען גלייך אויף גלייך פארטיילט געווען צווישן דער מיטלשול און קינדערגאָרטן. צו יענער צייט האָט די מוניציפּאלע פארוואלטונג פון סאָפיע צוגעטיילט א סובסידיע פון א האלבן מיליאָן לעוו פאר די ייִדישע שולן. אין סעפּטעמבער 1946 איז אין פארלאמענט ארייַנגעטראָגן געוואָרן א געזעץ־פּראָיעקט וועגן א גלייכן סטאטוס פאר די מינדערהייטס־שולן, און מיט א חודש שפּעטער איז דער געזעץ אָנגענומען געוואָרן. אין הסכם מיטן געזעץ האָבן די ייִדישע לערערס געקראָגן גלייכע רעכט וואָס שייך שכירות, פּענסיעס אאז"וו. די לימודים האָבן געדארפט אונטערריכט ווערן אין בולגאריש, בלויז די קלאסן פאר דער העברעישער שפּראך און ייִדישער געשיכטע וועלן געפירט ווערן אויף העברעיש. אין פעברואר 1947 איז ענדלעך דערלויבט געוואָרן צו אונטערריכטן דעם הויפּט־טייל פון דער שול־פּראָגראם אין די ייִדישע שולן אויף העברעיש, אין איינקלאנג מיטן נייעם דערציונגס־פּלאן פאר די קינדער פון די מינדערהייטן: א נייער געזעץ האָט באשטימט, אז די קינדער פון די נאציאָנאלע מינדערהייטן מעגן לערנען זייערע מוטער־שפּראכן און די אנטוויקלונג פון זייערע אנטשפּרעכנדע קולטורן.

סוף 1948 האָט די רעגירונג אויך צוגעטיילט דער „אָרט"־שול אין סאָפיע א סובסידיע פון א מיליאָן לעוו. אין הארבסט 1946 איז אין דער הויפּטשטאָט געעפנט געוואָרן א ייִדישער שפּיטאָל – „א מתנה פונעם אמעריקאנער ייִדנטום", וואָס דער דזשוינט האָט פּרעזענטירט.

נאָך דער באפרייונג האָבן פארשיידענע אלט־איינגעפונדעוועטע ייִדישע פרייוויליקע אָרגאניזאציעס שנעל באנייט זייערע אקטיוויטעטן. למשל, אין מערץ 1946 האָבן פארטרעטערס פון די ייִדישע קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן, ציוניסטן, און פון בני־ברית געשאפן אונטערן פּאָרזיץ פון דעם רב הראשי, דוד ציון, א קאָמיטעט וואָס האָט געדארפט פונקציאָנירן אלס דער אָרטיקער צווייג פון היאס. אן אָפיציעלער איבערבליק, וואָס די קאָנסיסטאָריע האָט פארעפנטלעכט סוף 1946, האָט באריכטעט אז עס האָבן פונקציאָנירט 30 ייִדישע קהילות, ווי אויך 7 קולטור־ און דערציונגס־אָרגאניזאציעס; א געזעלשאפטלעכע ביבליאָטעק, אן אינסטיטוט פאר ייִדישער וויסנשאפט; א ייִדישער אנטי־פאשיסטישער פארבאנד מיטן נאָמען „איליא ערענבורג"; א פאראייניקטע ציוניסטישע אָרגאניזאציע מיט זעקס סעקציעס; א סטודענטן־פעדעראציע, און א בני־ברית לאָזשע (די לעצטע איז צייטווייליק געווען פארבאָטן נאָך דער באפרייונג).

זינט די צייטן פון בולגארישן קעניגרייך איז די צענטראלע ייִדישע קאָנסיסטאָריע – א יורידישע קערפּערשאפט פון עפנטלעכן רעכט – אנערקענט געווען אלס די העכסטע אָנפירונג מיט די ייִדישע ענינים אין לאנד און אלס דער ראש־המדברים פון בולגארישן ייִדנטום ביי די מאכט־אָרגאנען. איצט, ווען זי האָט זיך ווידער קאָנסטרואירט אונטער איר אלטן נאָמען, האָט די קאָנסיסטאָריע איבערגעריסן מיט אירע רעליגיעזע אקטיוויטעטן און איז

ארונטערגעפאלן אונטער דער השפעה פון א קאָמוניסטישער מינדערהייט, וועלכע האָט געהאַט די שטיצונג פון דער מלוכה. שוין אין נאָוועמבער 1944 האָבן „אנטי־ציוניסטן” איבערגענומען די פירנדע ראָלע אין דער קאָנסיסטאָריע, וואָס איז צו יענער צייט זייער טרעפלעך באַצייכנט געוואָרן אלס „קאָמוניסטיש־קאָנטראָליטע, אָבער ציוניסטיש־געשטימטע”. נאָך דעם ווי דער אינערן־מיניסטער האָט באַשטימט א גענוגנדע צאָל „פארלאָזלעכע” מיטגלידער אין דער קאָנסיסטאָריע, איז דער קאָמיסאריאַט פאר יידישע ענינים פון דער מלחמה־צייט אויפגעלייזט געוואָרן אין פרילינג 1945, און זיינע פונקציעס זיינען אָנפארטרויט געוואָרן דער קאָנסיסטאָריע. אין פארלויף פון 1948 האָט דער באַשטאַנד פון דער דאָזיקער קערפערשאפט זיך געהאַט צוויי מאָל געביטן. אין מאַי איז די קאָנסיסטאָריע באַשטאַנען פון 15 קאָמוניסטן און 13 ציוניסטן. אונטער באַשיינפערלעכע דירעקטיוון פון אויבן איז דורכגעפירט געוואָרן א פולשטענדיקע אוניפיקאציע פון אָפיציעלע אקטיוויטעטן, און דער הויפּט־רעזולטאַט דערפון איז געווען, אז עס זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן אלע יידישע צייטונגען און פעריאָדישע שריפטן, וואָס האָבן אין דער צווישנצייט אָנגעהויבן צו דערשיינען. זייער אָרט האָט פארנומען דער איינציקער קאָמוניסטיש־יידישער אָרגאַן „יעווריסקי וועסטי”. גלייכצייטיק האָט מען צוריקגעצויגן אלע סובסידיעס פון די סינאַגאָגעס, וועלכע זיינען פון איצט אָן אָנגעוויזן געוואָרן בלויז אויף די בייטשטייערונגען פון רעליגיעזע יידן. אין סעפּטעמבער 1948 האָט זיך ווידער געביטן דער באַשטאַנד פון דער קאָנסיסטאָריע, און א מאָדנע זאַך, דאַסמאָל זיינען צוריק אריינגענומען געוואָרן אין דער פארוואלטונג סאָציאַליסטן און אומאָפּהענגיקע. די קערפערשאפט איז איצט אויך באַפולמעכטיקט געוואָרן צו האָבן די אויפזיכט און רעגולירן דאָס ביסל אויסוואַנדערונג קיין ישראל, אויף וויפל זי איז דערלויבט געווען. אין איינקלאַנג מיט די אַלגעמיינע טענדענצן אין די לענדער הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג, האָט די קאָנסיסטאָריע געמאָלדן אין יוני 1949, אז זי טרעט ארויס פונעם יידישן וועלט־קאָנגרעס, אָנגעבנדיק די באַקאַנטע קאָמוניסטישע תירוצים, דהיינו, די „רעאַקציאָנערע אקטיוויטעטן” פונעם קאָנגרעס און זיין פארפעלן צו באַטייליקן זיך אינעם „וועלט־קאָנגרעס פאר שלום” אין פאריז.

3. <u>ציוניסטישע אקטיוויטעטן</u>

מיט א רירנדיקן ענטוזיאַזם האָבן די יידן פון בולגאַריע ווידער זיך גענומען פאר דער ארבעט לטובת ציון מיטן מאָמענט, ווען דער פאַשיסטישער רעזשים אין לאַנד האָט צוזאַמענגעבראָכן. שוין אין סעפּטעמבער 1944 האָבן זיך געעפנט די ציוניסטישע ביוראָען, און אין אָקטאָבער חודש איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערשטע (לאָקאַלע) ציוניסטישע קאָנפערענץ. אין דער זעלבער צייט האָט זיך באַוויזן דער ערשטער ציוניסטישער אָרגאַן „במה ציונית” (ציוניסטישע פלאַטפאָרם) - א העברעישע וואָכנשריפט פון פיר זייטן, מיט א צירקולאַציע פון 4,000 עקזעמפּלארן. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט אָנגעהויבן ארויסצוגיין אן אנדער ציוניסטישע וועכנטלעכע פּובליקאַציע „פועלי־ציון”, מיט א צירקולאַציע פון 5,000 עקזעמפּלארן; און אין יוני 1945 איז דערשינען „המדיר העברי”.

די אָרגאַניזאַציאָנעלע פּאָזיציע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין די ראַמען פונעם שטרענג־צענטראַליזירטן עפנטלעכן לעבן אין בולגאַריע, וואָס איז געווען רעפּרעזענטירט אינעם „פאָטערלאַנד־פראָנט”, האָט זיך שנעל אָנגעשטויסן אויף שוועריקייטן. שוין אין אָקטאָבער 1944 האָט דער אונטער־סעקרעטאַר פאַיאָנאָוו געמאָלדן, אז „די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און אנדערע יידישע קערפערשאפטן וועלן נאַטירלעך זיך אָנשליסן אינעם 'פאָטערלאַנד־פראָנט'”. אין יאַנואַר 1945 האָט זיך געשפּאָלטן די בולגארישע פּועלי־ציון באַוועגונג, און די מינדערהייט איז אריינגעטראָטן אין דער בולגארישער סאָציאַליסטישער פארטיי. דעם זעלבן יאָר, אין יוני חודש, האָט דער

בולגארישער „החלוץ”, אויף זייערס א דריי־טאָגיקער לאנד־קאָנפערענץ, פאָרגעשלאָגן – באשיינפערלעך אונטער א שווערן דרוק – אז די באוועגונג, אַלס טייל פונעם „פאָטערלאַנד־פראָנט”, „זאָל צייטווייליק זיך אָפזאָגן פון דער ציוניסטישער פּראָגראם”. אָבער דער שטורעם איז אריבער, און אין נאָוועמבער האָבן אלע ציוניסטישע פארטייען, מיטן איינציקן אויסנאם פון די רעוויזיאָניסטן, פונקציאָנירט מיט דער צושטימונג פון די אויטאָריטעטן.

אין יאנואר 1946 האָבן 126 דעלעגאטן אָנטייל גענומען אין דער ערשטער קאָנפערענץ פון דער פאראייניקטער ציוניסטישער אָרגאניזאציע אין בולגאריע. אז די ציוניסטן האָבן געגאָסן פון א באדייטנדער פרייהייט צו האנדלען, איז בולט געקומען צום אויסדרוק אינעם פאקט, וואָס אין פעברואר האָבן זיי טעלעגראפירט קיין אויסלאנד זייער פּראָטעסט קעגן א ראדיאָ־אוידיציע פון דעם קאָמוניסטישן קאָנסיסטאָריע־פּרעזידענט. זיי האָבן אָנגעוויזן, אז די מערהייט בולגארישע ייִדן זיינען ציוניסטן, און 13,000 פון זיי זיינען אָרגאניזירטע מיטגלידער פון דער ציוניסטישער באוועגונג, פארטרעטנדיק 75% פון אלע ייִדן אינעם עלטער, וואָס לאָזט זיך אָרגאניזירן. אין מאי חודש האָט די פאראייניקטע ציוניסטישע אָרגאניזאציע זיך אָנגעשלאָסן אין דער ייִדישער סעקציע פונעם „פאָטערלאנד־פראָנט” און האָט באקומען גלייכע רעפּרעזענטאנץ אין אלע ספּעציאליזירטע קאָמיטעטן פארן סאָציאלן וואוילזיין. אין פרילינג 1948, בעת דער מלחמה פאר ישראלס אומאָפּהענגיקייט, האָבן אלע גרופּן פונעם בולגארישן ייִדישן ישוב, אריינגערעכנט די קאָמוניסטן, אָנגעפירט מיט א געלט־אקציע לטובת די באלאגערטע ייִדישע כוחות אין ארץ־ישראל. ווען בולגאריע האָט ענדלעך אנערקענט מדינת ישראל, איז אין פעברואר 1949 פאָרגעקומען אן עפנטלעכע פייערונג פון דער דאָזיקער היסטאָרישער געשעעניש.

4. <u>שטעלונג קעגן אנטיסעמיטיזם</u>

אין אויגוסט 1944 האָט דער בולגארישער פּרעמיער־מיניסטער, איוואן באגראניאָוו, פארדאמט די אנטי־ייִדישע פארפאָלגונגען פונעם פריערדיקן רעזשים אונטער באָגדאן פילאָוו, אין א רעדע ביי דעם בולגארישן פארלאמענט. אין איינקלאנג מיט דער דאָזיקער רעגירונגס־שטעלונג איז אין פרילינג 1945 איינגעפירט געוואָרן אויף דער ראדיאָ אין סאָפיע א וועכנטלעכע פּראָגראם פון א האלבער שעה איבער דער ייִדישער פראגע, געווידמעט אן אנטשיידענעם קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם. די פּראָגראם האָט אָנגעהאלטן א געוויסע צייט, מיטן קלאָרן צוועק צוצוגרייטן די עפנטלעכע מיינונג פאר דער דורכפירונג פון די געזעצן (אין מערץ 1947), וואָס האָבן דערקלערט אנטיסעמיטיזם פאר א שטראָפבארן פארברעכן. אין מאי 1946 איז באריכטעט געוואָרן, אז די מאכט־אָרגאנען האָבן ארעסטירט א באנדע פון 200 מאן, וואָס האָבן דיימלעך פּלאנירט – אלס א קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן צוג – די מאַסן־אויסמאָרדונג פון ייִדן.

ד. <u>בולגארישער ישוב וואנדערט אויס קיין ישראל</u>

עס וואָלט קיין מאָל נישט געווען מעגלעך דורכצופירן די פּלאנמעסיקע אויסוואנדערונג פון דער מערהייט בולגארישע ייִדן אָן דער מערקווירדיקער קאָאָפּעראציע מצד דעם רעזשים. נישט געקוקט אויף געוויסע צייטווייליקע וואקלונגען, האָט די רעגירונג נישט געשטערט דער ייִדישער מאסן־עמיגראציע און האָט בסדר אויסגעדריקט איר סימפּאטיע פאר דער ציוניסטישער זאך.

די עליה פון די בולגארישע ייִדן קיין ארץ־ישראל האָט זיך אָנגעהויבן תיכף נאָך דער באפרייונג. די ערשטע גרופּע עולים, וואָס האָט געציילט 114 נפשות, האָט דערגרייכט די ברעגן פון ארץ־ישראל אזוי פרי ווי דעם

3טן אָקטאָבער 1944. ניטש געקוקט אויף דעם, וואָס וויזעס האָט מען געקאָנט
באַקומען בלויז מיט דער הסכמה פון דער בולגאַרישער רעגירונג און פון
דער אַליאירטער קאָנטראָל־קאָמיסיע; און וואָס צו יענער צייט האָבן די בריטי־
שע באַגרענעצונגען אין באַצוג צו דער עליה נאָך אַלץ געשפּילט א דעצידירנ־
דיקע ראָלע, זיינען ביז ענדע אָקטאָבער 1944 אַריינגעטראָגן געוואָרן 12,000
אַפּליקאַציעס. אין דעצעמבער 1945 האָט מען דערלויבט דער ערשטער גרופּע
פון 1,000 ייִדן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, און נאָך דעם איז די עליה פאָרגע־
זעצט געוואָרן, טיילווייז לעגאַל און טיילווייז אומלעגאַל, אָן אַן איבעררייס.
אין פעברואַר 1946 האָט אויסגעוואַנדערט דער לעצטער גרויסער טראַנספּאָרט
אונטער דער „ווייסער־פּאַפּיר־קוואָטע" (382 פּערזאָן). די ערשטע גרופּע (400
עולים), מיט רעגולערע וויזעס פון דער ניי־געבאָרענער ייִדישער מדינה, איז
אָפּגעפאָרן אין יולי 1948, און פון דאַן אָן האָט זיך געצויגן אַן אמתער
יציאת־שטראָם פון צענדליקער טויזנטער נפשות. לויט די אָפיציעלע סטאַטיס־
טישע דאַטן פון דער ישׂראל־רעגירונג, זיינען 35,089 בולגאַרישע ייִדן אָנגע־
קומען אין דעם ייִדישן לאַנד, צווישן 15טן מאַי 1948 און ענדע 1949. נאָך
זיי האָבן עולה געווען 1,000 ייִדן אין 1950; 1,142 - אין 1951; 461 - אין
1952; און 359 - אין 1953. אַזוי אַרום איז אין פאַרלויף פון אַן ערך
פינף און א האַלב יאָר אַריינגעקומען קיין ישׂראל א קיימא־לן פון 38,051
בולגאַרישע ייִדן.

שוין אין אָקטאָבער 1944, האָט א פּראָמינענטער פאָרשטייער פון דער
רעגירונג דערקלערט, אַז בולגאַריע „באַציט זיך גינסטיק צו דער אויסוואַנ־
דערונג פון די בולגאַרישע ייִדן קיין ארץ־ישׂראל, כדי ביי צוטראָגן צו דער
עטאַבלירונג פון א ייִדישן שטאַט פאַר א פאָלק, וואָס האָט אַזוי פיל געליטן
אונטער דעם נאַציזם". די דאָזיקע גינסטיקע שטעלונג, אָבער, איז געווען
פאַרבונדן מיט דער פאָדערונג, אַז די פּאָטענציעלע עולים דאַרפן זיך אָפּזאָגן
פון זייערע איינגענטומס און פון תביעות אויף זיי. בן־גוריונס וויזיט קיין
בולגאַריע אין דעצעמבער, 1944, האָט דייטלעך אויך סטימולירט די אויסוואַנ־
דערונג. ס'איז דערלויבט געוואָרן צו גרינדן א הכשרה־פּונקט, און אין
מאַי 1945 איז עטאַבלירט געוואָרן א בולגאַריש־פּאַלעסטינער האַנדלס־קאַמער.

ביי דער עפענונג פון דער צווייטער לאַנד־קאָנפערענץ פון דער ייִדי־
שער סעקציע ביים „פאָטערלאַנד־פראָנט" (אַפּריל 1946), האָט דער פּרעזידענט,
י. נתן - זיכער מיט דער צושטימונג פונעם רעזשים - אַטאַקירט דעם ענג־
לישן „ווייסן פּאַפּיר" און האָט ווידער א מאָל באַטאָנט, אַז דער „פאָטערלאַנד־
פראָנט" האָט נישט קיין שום אויסזעצונגען קעגן דער עמיגראַציע קיין ארץ־
ישׂראל. אין אָקטאָבער דעם זעלבן יאָר האָט די בולגאַרישע סאָציאַליסטישע
פּאַרטיי אָנגענומען א פאָדערונג פון פרייער עמיגראַציע קיין ארץ־ישׂראל פאַר
בולגאַרישע ייִדן, אַלס איינעם פון די פיר פּונקטן פון זייער „ייִדישער פּראָ־
גראַם". דעלעגאַטן פון דער בולגאַרישער ציוניסטישער באַוועגונג האָבן זיך
באַטייליקט אין דעם ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס אין באַזל (דעצעמבער 1946).
אין 1948, נאָכן אויפקום פון מדינת ישׂראל, האָבן סיי דער אויסערן־מיני־
סטער ל. קאָמינאָוו, און סיי דער פינאַנץ־מיניסטער ס. סטעפאַנאָוו, דערקלערט
אַז די בולגאַרישע רעגירונג וועט פאָרזעצן צו דערלויבן ייִדישע אויסוואַנדע־
רונג קיין ישׂראל און וועט צוטיילן די נייטיקע אַסיסטענץ יענע, וואָס וועלן
פאַרלאָזן דאָס לאַנד. ס'קאָן גרייַלעך זיין, ווי דאָס האָט געשריבן דער „קריס־
טשען סייענס מאָניטאָר" אין מערץ 1949, אַז בולגאַריע האָט געוואָלט פּטור ווערן
פון די ייִדן - צום גרעסטן טייל א מיטלקלאַס־עלעמענט -, כדי לייכטער צו
מאַכן דעם פּראָצעס פון פאַרוואַנדלען דאָס לאַנד אין א 100־פּראָצענטיקן קאָ־
מוניסטישן שטאַט; דאָך מוז מען פעסטשטעלן, אַז בולגאַריע איז געווען די
איינציקע פון די קאָמוניסטישע לענדער, וואָס האָט אָנגענומען אַזא מיושבדי־
קע און פריינדלעכע שטעלונג.

וואָס אַן אמת, האָבן זיך געלאָזט הערן אין בולגאַריע אויך אַנטי־ציוניסטישע מיינונגען, אָנהייבנדיק אַזוי פרי ווי ביים ערשטן מיטינג פון דעם יידישן קאָמיטעט פאַרן „פאָטערלאַנד־פראָנט", אין סעפּטעמבער 1944. הגם דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אָנגענומען א באַשלוס צו שטעלן זיך אין קאָנטאַקט מיטן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע, ווי אויך מיטן יידישן וועלט־קאָנגרעס, האָט ער אָבער גלייכצייטיק שאַרף אַטאַקירט דעם ציוניזם, און העברעיש איז דערקלערט געוואָרן אַלס א פרעמדע שפּראַך אין די בולגאַרישע שולן. ביים מיטינג זיינען געווען בלויז פיר שטימען אין אָפּאָזיציע. אין פרילינג 1945 האָט די יידישע אַגענץ באַריכטעט, אַז ביים פונאַנדערטיילן שטיצע, וואָס די דאָזיקע קערפּערשאַפט האָט געשיקט קיין בולגאַריע זיינען די „ציוניסטישע" קינדער דיסקרימינירט געוואָרן. דער „פאָטערלאַנד־פראָנט" האָט געעפנט א „יידישן פאָלקס־אוניווערסיטעט" אַלס א קעגנמיטל צו באַקעמפן די ציוניסטישע השפּעה. די אַנטי־ציוניסטישע קאַמפּאַניע איז באַגלייט געוואָרן מיט אַטאַקעס אויף דער יידישער רעליגיע מצד יידישע קאָמוניסטן, וואָס זיינען געווען – ווי מען האָט געהאַלטן – פון דייטשן אָדער עסטרייכישן אָפּשטאַם. אין יוני 1945 זיינען איבערגעריסן געוואָרן די העברעישע ראַדיאָ־אויפפירונגען. מיט א חודש שפּעטער האָט דער דעמאָלדיקער פרעמיער־מיניסטער, קימאָן געאָרגיעוו, דערקלערט אַז יונגע און געזונטע יידן וועלן נישט טאָרן אַרויספאָרן פון לאַנד. אָבער אין אויגוסט האָט די רעגירונג געמילדערט איר שטעלונג און האָט געגעבן אַן אַלגעמיינע דערלויבעניש נאָך דעם, ווי די עולים האָבן געמאַכט א פאָרמעלע דעקלאַראַציע, אַז זיי האָבן נישט קיין שום פאַמיליע־פאַרפליכטונגען און זיי פאָרן אַרויס „אַלס עמיגראַנטן". אין מאַי 1946 איז די קאָנסיסטאָריע – אויף אַן אמת קאָמוניסטישן שטייגער – אַרויסגעקומען מיט א באַהויפּטונג, אַז דער אויספיר פון דער אַנגלאָ־אַמעריקאַנער פאָרשונגס־קאָמיסיע איבער ארץ־ישראל – וועלכע האָט אויסגעפונען אַז די מזרח־אייראָפּעישע יידן שטרעבן אויסצואַוואַנדערן – „באַציט זיך נישט אויף בולגאַריע".

ה. די יידן וואָס זיינען פאַרבליבן אין לאַנד

די צאָל בולגאַרישע יידן, וואָס האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אויפן אָרט, ווערט איצט (1955) געשאַצט אויף אַן ערך 5,000 נפשות. זיי זיינען צעזייט איבערן גאַנצן לאַנד, און מ׳קען נאָך אַלץ אָנציילן 28 פלעצער, וואו עס וואוינען יידן. בלויז אין צוויי שטעט, אין דער הויפּטשטאָט סאָפיע און אין פּלאָווּדיוו, געפינען זיך עטוואָס גרעסערע יידישע גרופּן: 2,800 אין דער ערשטער, און 600 אין דער צווייטער. ווייטער האָבן זעקס שטעט אויף דער פּראָווינץ א יידישע באַפעלקערונג פון העכער 100 נפשות אין יעדערער; אין 13 וואוינען קליינע עדות צווישן 10 און 100 יידן; און אין זיבן – ווייניקער ווי צו 10.

די אויסוואַנדערונג, נישט געשטערט מצד די מאַכט־אָרגאַנען, גייט ווייטער אָן. ביים אויפנעמען דעם שאַרזשע־ד׳אַפער פון ישראל, גרשון אבנר (אַוונער), האָט דער אויסערן־מיניסטער נעיטשעוו ווידער באַטאָנט אין דעצעמבער 1952, אַז מ׳וועט „נישט שטערן יידן אויסצוואַנדערן קיין ישראל". אין שייכות דערמיט דאַרף דאָ באַטאָנט ווערן, אַז אין 1953 האָט בולגאַריע איינגעפירט, ווי אַן אַלגעמיינע פאַראָרדענונג, טויט־שטראָף פאַר אומלעגאַלע עמיגראַנטן און פאַר בירגערס, וואָס פאָרן קיין אויסלאַנד און קערן זיך נישט אום צוריק; און מיטגלידער פון זייערע משפחות, וועלכע פאַרבלייבן אין לאַנד, וועלן געשיקט ווערן אין „אַרבעטס־דערציונגס־לאַגערן". עס איז מערקווירדיק, אַז בלויז איין בולגאַרישער ייד האָט זיך צוריקגעקערט פון ישראל.

ס'איז קלאָר, אַז די האַסטיקע אײַנשרומפּונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, אַלס רעזולטאַט פון דער מאַסן־אויסוואַנדערונג קײן ישראל, האָט געמוזט אַרויסרופן אַ ווײַט־גרײַכנדע רעאָריענטאַציע און רעאָרגאַניזירונג פון ייִדישן לעבן אין בולגאַריע. עס האָט זיך ניִשט בלויז געהאַנדלט וועגן דעם, אַז דער פאַרבליבענער ישוב איז ניִשט געווען ביכולת אויפֿצוהאַלטן אַלע די אינסטיטוציעס, וואָס זײַנען געווען צוריק אויפֿגעשטעלט געוואָרן נאָך דער מלחמה פאַר אַ פינף אָדער זעקס מאָל גרעסערן קיבוץ; נאָר נאָך דער אויסוואַנדערונג פון די ציוניסטיש־געשטימטע עלעמענטן, זײַנען די מערסטע צווישן די געבליבענע ייִדן געווען, נאַטירלעך, אָנהענגערס פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע.

דאָס ייִדישע רעליגיעזע לעבן האָט געמוזט דערפילן דעם קלאַפּ פון די דאָזיקע ענדערונגען. בשעת אין 1944 האָבן נאָך אין לאַנד עקזיסטירט 35 סינאַגאָגעס (אײניקע פון זיי האָבן געשטאַמט פון 17טן און 18טן י"ה), זײַנען מיט עלף יאָר שפּעטער פאַרבליבן בלויז 9 בתי־מדרשים, וואו מען האָט נאָך געדאַוונט; וואָס שייך די איבעריקע, האָבן די מוניציפּאַליטעטן איבערגענומען די געבײַדעס, פאַרוואַנדלנדיק זיי צום באַנוץ פאַר סעקולערע צוועקן. אין סאָפיע, וואו מען פלעגט נאָך אין 1955 קומען דאַוונען אַלע טאָג, האָט מען געקאָנט אָנצײלן ניִשט מער ווי 80 מתפּללים, דורכויס אַלטע לײט; אַ טײל פון דער סינאַגאָגע איז איבערגעגעבן געוואָרן דער רעגירונג פאַר דער גרינדונג פון אַ מוזײ. פּלאָווידיוו, די צווײטע לויט דער גרויס ייִדישע קהילה, שײַנט צו האָבן מער רעליגיעזע ייִדן. אַ באַזוכער האָט דאָרט געטראָפן אין דער סינאַגאָגע בײם דאַוונען אַרום 200 מתפּללים, מערסטנס אַלטע ייִדן, וואָס מאַכט אויס אַן ערך 30% פון דער גאַנצער ייִדישער געמײנדע. אין אַלע אַנדערע פּלעצער, וואו ייִדן וואוינען, קומט מען אין שול אַרײַן בלויז צו ימים־נוראים. עס זײַנען ניִשטאָ קײן חזנים, מוהלים אָדער שוחטים אין לאַנד. אַ סך ייִנגלעך, וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן נאָך דער מלחמה, זײַנען ניִשט קײן געמלטע. ייִדן ווערן געבראַכט צו דער קבורה מן דער אַריבטונג פון דעם געהעריקן ייִדישן דין. עס קומען פאָר געמישטע חתונות, אָבער מען קוקט אויף דעם קרום אין די ייִדישע קרײַזן, און זיי ענדיקן זיך זײער אָפט מיט אַ גט.

אויפן קולטור־געביט, וואָס שייך דער ייִדישער פרעסע, איז פאַראַן בלויז אײן ייִדישע פּעריאָדישע שריפט, „יעווריעסקי וועסטי" (ייִדישע נײַס). אין 1948 האָבן די מאַכט־אָרגאַנען פאַרבאָטן אַרויסצוגעבן אַ וועלכע ניִשט אַנדערע ייִדישע צײַטונג, און קורץ נאָך דעם האָט די „יעווריעסקי וועסטי" אָנגעהויבן צו אַטאַקירן ישראל און דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום. צוליב אַ דוחק אין תלמידים האָבן זיך געשלאָסן אַלע ייִדישע שולן. אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אָפּגעשטעלט זײערע אַקטיוויטעטן. דער רב הראשי, דוד ציון, האָט זיך באַזעצט אין ישראל, און נאָך זײַן אָפּפאָרן איז ד"ר אשר חננאל (חניאל) געוואָרן דער אײבער־ראַבינער אין בולגאַריע. בלויז אײן העברעישע לערערין איז פאַרבליבן אין לאַנד. לאַדינאָ - פריער די געמײנזאַמע שפּראַך פון באַלקאַנישן ייִדנטום, און במילא אויך פון די בולגאַרישע ייִדן - ווערט איצט באַנוצט בלויז דורך די עלטערע מענטשן; דער יונגער דור פאַרשטײט בלויז בולגאַריש.

די ייִדישע שרײַבערס, וואָס זײַנען נאָך פאַרבליבן אין לאַנד, פאַרפאַסן ניִשט קײן ווערק אויף ייִדישע טעמעס. די קינדער־הײם אין סאָפיע איז אַריבער צו דער שטאָט אין 1949; און דער ייִדישער שפּיטאָל איז איבערגענומען געוואָרן זומער, 1950. דער ייִדישער צענטער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָמוניסטישן בירואָ. זאַמלונגען פון ווערטפולע ביכער און דאָקומענטן זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן דער רעגירונג. פון דער ייִדישער ביבליאָטעק און שולן האָט מען באַזײַטיקט ווערק מיט אַ „ייִדישער נאַציאָנאַלער טענדענץ", און די ביכער זײַנען מער ניִשט צוטריטלעך פאַר אַ ייִדישן לײענער.

ײדישע יחידים, װאָס שטיצן דעם רעזשים, װערן װײטער באַערט אויף
פאַרשײדענע אופנים: ײדן - שרײַבערס און ײדן - אַקטיאָרן (פונעם בולגאַרישן
נאַציאָנאַלן טעאַטער) האָבן באַקומען אויסצײכענונגען; ײדישע פילם-אַרטיסטן
זײַנען פּרעמירט געװאָרן מיטן „דימיטראָװ-פּריז". א ײד, ראובן לעװי, איז
באַשטימט געװאָרן אין פעברואַר 1952 אַלס מיניסטער פאַר װיסנשאַפט, קולטור
און קונסט; און נישט אַזוי לאַנג צוריק (יוני 1955) זײַנען צװײ ײדישע
געלערנטע, עזריה פּאָליקאַראָװ און לעאָן מיטראַני, דערמאָנט געװאָרן אין שײַ-
כות מיט דער בולגאַרישער פאָרשונג אויפן געביט פון באַנוצן אַטאָמישע ענער-
גיע פאַר פרידלעכע צװעקן.

דאָך װערן געװיסע ײדישע אַקטיװיטעטן פאַרגעזעצט. אין 1949 האָבן
50 דעלעגאַטן זיך באַטײליקט אין דער קאָנפערענץ פון ײדישע קהילות, אין
סאָפיע, אונטער דעם פאָרזיץ פון פּראָפ' יעקב נתן, הויפּט פון דער קאָנסיס-
טאָריע. די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט באַשטעטיקט דאָס צוריקציען זיך פון
דער מיטגלידערשאַפט אינעם ײדישן װעלט-קאָנגרעס. צו יענער צײַט זײַנען נאָך
געװען אַקטיװ א ײדישער באַנק מיטן נאָמען „גאולה"; א קולטור-געזעלשאַפט,
אַן אַרטיסטן-קרײַז, א ײדישער אינסטיטוט פאַר װיסנשאַפט; א ײדישער פאָלקס-
באַר מיטן נאָמען „ישראל מדשן". אין 1952, בײַ דער 5טער קאָנפערענץ פון
ײדישע קהילות זינט דער באַפרײַונג, זײַנען נאָך געװען פאַרטראָטן 22 ײדישע
געמײנדעס. זומער 1954 האָט הרב הראשי, ד"ר חננאל, געמאָלדן אַז עס װעט
אײַנגעאָרדנט װערן אַן עפנטלעכע פאַרזאַמלונג צו באַצײכענען דעם 50סטן יאָר-
צײַט נאָך ד"ר הערצלען, און אַז מען דערװאַרט אַן עולם פון 1,000 פּערזאָן.
צו יענער צײַט זײַנען אַלע נישט-רעליגיעזע ענינים אָנגעפירט געװאָרן פון
דער קאָנסיסטאָריע, װעלכע האָט אויך געטראָגן די אחריות פאַר דער פּובליקי-
רונג פון דער אײנציקער עקזיסטירנדיקער פּעריאָדישער שריפט.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, איז קײן װאונדער נישט װאָס שוין
אין האַרבסט 1950 האָט מען געשילדערט די בולגאַרישע ײדן, װי אַן עדה װעל-
כע „פאַרלירט בהדרגהדיק איר פאַרבינדונג מיטן ײדנטום".

אין 1955 האָט דער קולטור-קלוב אין סאָפיע נאָך אַלץ פאָרגעזעצט
אײַנצואָרדענען לעקציעס און קינסטלערישע אָװנטן. עס זײַנען געמאַכט געװאָרן
פּלענער דורכצופירן פּראָװינץ-טורן פונעם ײדישן אָרקעסטער, טאַנץ-גרופּעס
און כאָרן פון סאָפיע, װי דאָס איז שוין געטאָן געװאָרן מיטן ײדישן טעאַטער-
קאָלעקטיװ. מען האָט אַפילו געמאָלדן, אַז דער ײדישער צענטער אין פּלאָװדיװ
װעט אויסגעברײטערט װערן, און א נײער צענטער װעט געגרינדעט װערן אין
רוסע.

דער עקאָנאָמישער מצב פון די בולגאַרישע ײדן איז נישט קײן גוטער.
עלטערע מענטשן האָבן גרויסע שװעריקײטן בײַם צופּאַסן זיך צו דער עקאָנאָ-
מישער פּאָליטיק פונעם רעזשים, און זײער עלטער שטערט זײ אָנצושליסן זיך
אין די רײען פון די אינדוסטריעלע אַרבעטערס. אַזוי אַרום זײַנען העכער
400 משפחות אָנגעװיזן אויף פינאַנציעלער שטיצע פון דער קאָנסיסטאָריע,
װעלכע פּאַװאָריזירט גאַנץ אָפן די װעטעראַנען-מיטגלידער פון דער קאָמוניס-
טישער פּאַרטײ. אין דער אינדוסטריע און אין די ליבעראַלע פּראָפעסיעס
שפּילן ײדן א באַדײַטנדע און אַנערקענטע ראָלע, הגם זײער צאָל איז אויף די
דאָזיקע געביטן א קלײנע. די מערסטע צװישן די עקאָנאָמיש-אַקטיװע ײדן
זײַנען ביוראָ-אָנגעשטעלטע, װעבטערס, אאז"װ.

----------
-----

#9996-12/31/56-NR-BP-rg-530
IJA-10283 (Yid)